ז. אקסעלראָד



# לידער

ISBN:0-657-12416-8

זעליק אקסעלראָד

# לידער

פארלאג „סאָוועטסקי פיסאטעל" מאָסקווע, 1980

זעליק אַקסעלראָדס גרויסער לירישער טאַלאַנט האָט זיך אַנטפּלעקט שוין אין זײַן ערשטער לידער־זאַמלונג „צאַפּל“, וואָס דער יונגער דיכטער האָט אַרויסגעלאָזט אין עלטער פֿון אַכצן יאָר. יעדער נײַער בוך זײַנער האָט באַשטעטיקט די אייגנאַרטיקײַט פֿונעם פּאָעט.

שטיל און האַרציק האָט ער געזונגען וועגן ברויזיקן און באַדײַטנדיקן. זײַן שטילקײַט האָט פֿאַרמאָגט אין זיך הילכיקײַט פֿון געדאַנק און געפֿיל.

צווישן דער פּלעיאַדע אויסגעצייכנטע מײַסטערס פֿון די צוואַנציקער יאָרן האָט אַקסעלראָד גלײַך פֿאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט. זײַנע אָריגינעלע, אַמיינסטנס קורצע לידער, צייכענען זיך אויס מיט זייער קלאָרקײַט פֿון געדאַנק און טיפֿקײַט פֿון געפֿיל.

אין דעם בוך, וואָס ווערט איצט פֿאָרגעלייגט דעם לייענער, זײַנען אײַנגעשלאָסן לידער פֿון ז. אַקסעלראָדס פֿינף זאַמלונגען, וועלכע זײַנען דערשינען אין די יאָרן 1922 — 1938 און אויך לידער, פּובליקירטע אין צײַטונגען און זשורנאַלן אין פֿאַרשיידענע יאָרן.

צונויפֿגעשטעלט און נאָכוואָרט — ריווקע רובין

А $\frac{70403-163}{083(02)-80}$ 335—80. 4702200000

* * *

זאָל זײַן געבענטשט די לויטערע מינוט,
וואָס האָט מיך שטיל און קלאָר אזוי דערהויבן,
געשאָנקען מיר אי מענטשלעכקײַט, אי גלויבן,
אין טריף אין הייסן פון מײַן יוגנט־בלוט...

אָט די רגע, אָט די לויטערע מינוט,
ווען גענומען האָט מען זידלען מיך און לויבן,
אין די שורעס קוקן, ווי אין ריינע שויבן,
ווי זעט עס אויס: שלעכט איז דאָ, צי גוט...

אָט די רגע, ווען איך בין שטיל פארבליבן,
פעסטער צוגעדריקט דעם דראנג פון ליפן
און געלײַטערט לענגער מײַן געמיט,

ווען איבער מיר איז ליכטיק אופגעגאנגען
אָוונטיקער אָנזאָג פון געזאנגען,
אָט די רגע פון מײַן ערשטער ליד!

1930

* * *

מיך האָט געטראָפן א הארבסטיקע נאכט,
אף מאָסקווער פרעסניע א הארבסטיקע נאכט.

האָב איך ניט לאנג דאָרט א מיידל פארוואָרפן,
מוז זי אף מיר נאָך ווארטן און האָפן —

און איך בין אזוי זיך אין גאס נאָר ארויס,
זאָל זי ניט מיינען, איך זוך עס איר הויז...

צופט מײַנע אקסלען א הארבסטיקע קעלט,
קוק איך זיך אײַן אין טונקל פון וועלט.

נאָר הויך איבער מיר — פארברענט זאָל ער ווערן —
שײַנט נאָך און לײַכט אָט דער העלער לאמטערן.

זאָל זי ניט מיינען, איך זוך עס איר הויז —
איך בין אזוי זיך אין גאס נאָר ארויס...

1923

* * *

און גרעסער ווערט דער טאָג, און קלענער ווערט די נאכט,
און פײַערן צעשיטן זיך אף מײַנע קני —
האָב איך צו מויערן געקײַקלט זיך א יונגער,
ווי רויטע עפּל צו דער נאקעטקײַט פון פרי.

מיך האָט א מיידל אָפּגעשטעלט, אזוי זיך, עפּעס פרעגן,
גרינגער וועט מיר ווערן, ווי בוים פון ערשטן טרייסל,
און פירט מיך שטאָט שוין איבער אירע בריקן,
ווען אלע וואכן בא איר אויסגערוטער לענג.

וואקסט פאר מיר א גאס אויס, טיפערער און ברייטער,
איך גיי אין איר ארײַן און כ׳גיי פון איר ארויס —
רעלסן אָפּגעדעקטע רוען הויל און נאקעט,
איז מיר גרינג אזוי מיט פײַערן אין שויס.

אפּרעל 1923

* * *

כ׳ווייס ניט וואָס אין טיף באהאלטן אלע,
ווי יעדן גרינג איז קומען און פארגיין.
אף מיר, זאָגט מען, איז שטילער ווי געפאלן
און עלטער בין איך פון זיך אליין...

שעם איך זיך פאר בליץ פון מײַנע אויגן,
מײַן אייגן הארץ ווערט אָפט מיר פרעמד.
ווי אלע יונגע, טראָג איך דאָך מײַן גלויבן,
מיט בלוט פארשניטן און צו שײַן געווענדט...

איך ליב אף מויל א העלן שמייכל,
אויך נאָענט, ליב מיר ברודערס א געוויין...
דערפאר פאר פרעמדע איז מײַן וועג באצייכנט
מיט בלויקײַט טונקעלער: „ער בענקט".

ווען ארויסשײַנען דער בליץ פון מײַנע אויגן.
הארץ קאָן זײַן נאָר איינמאָל פרעמד.
איך בין ניט עלטער פון מײַן גלויבן,
פון אייגן הארץ, וואָס אונטער העמד...

1924

* * *

איך האָב ליב אָט די ראָנדן מיט קלאָרע לאמטערנס,
אָט די נאָענטע, ווײַסע און זויבערע שטערן...

ווען ס׳איז ווינטער און פראָסט איבער שנייִקער ברייט,
ווען ס׳איז ווינטער און שניי, און ס׳איז אָוונטיק רויט...

אין דער לענג, אין דער טיף פון פארשאָטענע סקווערן,
זיי ציִען זיך אויס אָט די ראָנדן לאמטערנס...

דאן יאָג איך אהיים, כ׳פּאָר פון ארבעט צוריק,
פארבײַ מאָסקווע־טײַך, פארבײַ „שטיינערנעם בריק“...

פארבײַ גאָלדענע שפּיצן בא קרעמעלער וואנט
אין מאָסקווע־שטאָט, אינעם ארבעטער־לאנד...

ווען ס׳איז ווינטער און פראָסט איבער שנייִקער ברייט,
ווען ס׳איז ווינטער און שניי, און ס׳איז אָוונטיק רויט.

האָב איך ליב זיי, די ראָנדן, מיט קלאָרע לאמטערנס,
אָט די נאָענטע, ווײַסע און זויבערע שטערן...

1924

* * *

אזוי שווער הייבט זיך אָנעט שטענדיק, —
אזוי לײַכט בלאָזט אוועק דער ווינט.
האָסט געמיינט, אז ביסט זייער זעענדיק,
לאָזט זיך אויס — דערזעסט ערשט אצינד.

און אזוי הייבט זיך אָן דײַן געשיכטע,
מיטן לעבן, וואָס שלעפּט דיך מיט;
האָסט אַף אזויפיל געריכט זיך,
לאָזט זיך אויס — נאָר א קליינע ליד.

...אָט איז זי די שטאָט מאָסקווע, —
אונדזער יוגנט און אונדזער ערד —
וויפל מאָל ס׳טו די גאסן געמאָסטן
און צום רויטן פּלאַץ פּארקערט.

אָט שלאָגט דער ספּאסקער זייגער
און אָט איז די קרעמל־וואנט,
און דער אלטער מאָסקווער שטייגער
צערינט אונטער דײַן האנט.

ביסט שוין, דאכט זיך, א ביסל געלערנט,
שרײַבסט לידער און פּאטערסט פּאפּיר.
וויפל דארף מען נאָך קנייטשן דעם שטערן
אַף זײַן כאָטש א האלבער שעקספּיר.

כאַפּסט זיך אַרײַן אין זאָאָלאָגישן גאָרטן,
קוקסט זיך צום העלפאַנד צו:
סאַראַ קראַפט אין זײַן שנוק איז פֿאַרבאָרגן,
אַז אַפֿילו אַ נאָדל ציט ער צו.

דעם צימער אפֿן שלאָס פֿאַרשפּאַרסטו,
פֿליסט אַראָפּ פֿון די טרעפּ יונגערהייט,
נעמסט אַרויס די סענטיאַבער־קאַרטן
און ס׳גיט אַ שמעק אױף דיר מיט ברויט.

דערנאָך יאָגסטו שנעלער און גיכער,
כאַפּסט זיך אָן אָן טראַמוויי־וואַגאָן
און ביסט שוין אינגאַנצן זיכער,
אַז דײַן לעבן הייבט זיך ווידער אָן.

## הארבסט 1915

(היימלאָזיקײַט)

1

געמאטערט גייט מײַן מאמע צו וואָקזאלן
אף אָפּגעבן אין בלייכקײַט איר געבעט...
בין איך א באָרוועסער לעבן איר געפאלן,
אירע טרערן גלויביקע דערהערט...

מעג זי וועלן היטן איר פארמעגן,
אף באנען וואלגערט זיך איר האָב און גוטס...
די דארע הענט צעשפרייט זי אף צו פרעגן
בא געלער גליווערונג פון בלוט...

ערגעץ דארף מען אָפּפירן א טויטן,
פון הימל־הויך געפאלן איז א קויל.
ווייטעקדיק גייט אויס אן אָוונט בלויער
אין רויך און גרויל...

מײַנע אויגן קוקן ווײַטער, ווײַטער,
לעצטע שײַבעלעך פון שטעטל גייען אָפּ.
בלײַבן איבער נאָר קאזאקן רײַטער
און אן אָפּגעהאקטער קאָפּ...

2

שטיל און אקשנדיק א מאמע האָט געבוירן,
מעסטנדיק פון ווילנע קיין טאמבאָוו...
ווײַנט א קינד, פארוויקלט דאָ אין שטרויען,
אף טרעפּלעך הילצערנע פון נאקעטן וואגאָן.

שטייען קינדער דאָ און ציילן
די ברעטלעך־זעגענונג פון נײַע שטעט...
אזוי, וועט מען אמאָל דערציילן,
האָט מען געצויגן זיך אין ווײַטן וועג...

א נאכט א קאלטע און א קאלטע לעוואָנע,
צוגעטוליעט און געפרירט...
עפשער וועט זיך עמעצער דערמאָנען
און צום צוג א זאָג טאָן: ריר...

שטייען מיר אין וועג א נאַכט א לאנגע,
ס׳איז טונקל דער וואגאָן און פארגייט זיך אין געוויין,
צו זיך אליין קען קיינער ניט דערלאנגען,
קיינער קען ניט קערן זיך אהיים...

3

אף שטילקייט פון קעפּ טאָג איז פארגאנגען,
זון האָט ווי שטענדיק אף גאָלד זיך געהאנגען...

זאָל קיינעם ניט שווער זײַן, זאָל קיינעם ניט וויי טאָן,
מיט אלעמען וועל איך, ווי זון, זיך צעשיידן...

א רויך און א פײַף הינטער פענצטער פארבליבן,
מיט האנט כ׳האָב באוויזן און געוואָרן אנשוויגן...

אף שטילקייט פון קעפּ טאָג איז פארגאנגען,
זון האָט ווי שטענדיק אף גאָלד זיך געהאנגען...

4

הארבסט איז קאלט, ארום איז ליידיק,
גייט אוף א פײַער און פארגייט.
ס׳האָט דער צוג אונדז הײַנט באליידיקט
מיט א וואָרט א ציטעריקן: טויט.

פלאַצט אַ קויל — אַ רויך פאַרשפּרייט זיך,
און ווידער שלינגט די שטילקייט איַין:
ס׳ציט די ראַכוועס זיך אין ווייטעק,
סטאַנציע אויס און סטאַנציע איַין.

5

ציט זיך נאַכט, אַ נאַכט אַ לאַנגע,
מיט רעדער־רויש, ווי אַ געוויין...
עמעצן מוז דאָרטן באַנק טאָן,
וואָס איך קום נאָך ניט אַהיים.

אַ ווײַסע האַנט ווישט אויס די שויבן,
זוכט אין ווײַט אַ העלן טאָג...
אַ ווײַלע הייב איך אויף די אויגן
און לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ...

שטערן זיצן טיף אין הימל,
מײַנע אויגן שווײַגן שטומע,
וועל איך אָפּזיצן די נאַכט אין דרימל
און ערשט אַפּמאָרגן קומען...

ציט זיך נאַכט אַ ווײַסע, לאַנגע,
מיט רעדער־רויש, ווי אַ געוויין...
עמעצן מוז דאָרטן באַנק טאָן,
וואָס איך קום נאָך ניט אַהיים...

6

פון מײַן ערשטן געבעט ביז מײַן ערשטן געוויין
זײַנען לויטער געוואָרן די שטערן.
אַ זויבערער פּאַס האָט באַשטראַלט מיך אַליין
מיט דעם טריף אָט דעם קאַלטן פון שטערן...

ווען מע בעט אינדערהייך, איז א צווייטער פאראַן,
שטרעקט ער אויס דיר א ווייכע, א ווארעמע האנט,
א ברודערשע האנט...

אז מע וויינט אינדערשטיל — דאַן איז קיינער ניטאָ,
נאָר עס ציט זיך אזוי א שאָ נאָך א שאָ,
א שאָ נאָך א שאָ...

ווייַן איך איצט אינדערהייך און איך בעט אינדערשטיל.
ווער וועט קומען אהער, צום פארברודיקטן דיל
אין באנאכטיקער שאָ...

פון מײַן ערשטן געוויין ביז מײַן ערשטן געבעט
זייַנען טונקל געוואָרן די שטערן...
עס ווארעמט מיך נאָר די הארטקײַט פון ברעט
און פארשווונדענע קלאָרקײַט פון שטערן...

7

שטילקײַט פון הארץ אין פארוואָרפענעם אָוונט,
גייט קיינער ניט צו, ס'איז דיר קיינער ניט נאָענט...

איינער אליין נאָר צו זיך וועסטו זאָגן,
זאָל אָנהייבן טאָגן, זאָל אָנהייבן טאָגן...

דיך ארט ניט, ווער שיין איז און ווער איז דער שענסטער,
קוקסט זיך אזוי נאָר דורך גרויקײַט פון פענצטער...

און זוכסטו אין ווײַט גאָר, ווער ליב דיר און נאָענט
מיט שטילקײַט פון הארץ אין פארוואָרפענעם אָוונט...

8

מײַן װעג האָט געטריבן אין װעלט
אף שניי און אף בלוטיקע שטיינער —
א צוג און א רוסישע קעלט
האָט געפירט מיך דורך טעג פון געװיינען...

דאָרט װײַט צװישן שנייען העלע
האָט נאכט ניט אופגעהערט שיסן...
און לידער פון בלאָנדע זעלנער
מיט טרערן פון פרויען פארמישט דאָרט.

זײַנען זעלנער געזעסן געארעמט,
פארקוקט זיך אין װײַטע לענדער...
זון האָט אף פענצטער געװארעמט
טראָפּנס פון בלוטיקע העמדער...

האָב איך אין װאגאָנען געלאָזן
א װייכע, א קינדערשע טרער,
װען שלאכט האָט אין טיף זיך פארמאָסטן,
אין טיף פון רוסישער ערד...

מײַנע טעג האָט א צוג געטריבן
דורך שאָס און דורך װיי פון געװיינען,
איז אינערגעץ מײַן װעג דאָרט פארבליבן
מיט בלוט אף שניטן פון שטיינער...

9

א װעג א װײַסער, נאָך אלץ געדענק איך:
מײַן אייגן הארץ אף בלוט פון פראָסט...
פולע אויגן אין װײַסן בענקען,
א רויטן שאָס...

ווײַטע שאָען אַמאָל נאָך קומען,
מײַן קאָפּ פאַרוואָרפן צו רויש פון טעג,
ווען טרויער שטילער און שווערער אומעט
געצויגן האָבן זיך אין וועג...

שטיין אין פעלד און קאַלטע ליפּן,
טראָפּנס רויטע אַף ווײַסער שײַן...
ס׳האָט מײַן לאַנד געלערנט ליבן
דורך ווײ און פּײַן...

1923 — 1924

* * *

שטייט א שטאָט
אין לאנגע לײַלעכער געוויקלט ווײַס,
און מורמלט בלאס איר לאנגזאם טפילע
פון דעכער בלעכענע, צערונענע אין מילך,
מיט פאסן לײַוונטענע, מיט אלטן שטילע —

איך בין הײַנט סקולפּטאָר פון א פערל־נאכט!

אף קאלטע טכיילעסדיקע קופּלען
גיס איך אויס
פון פארבן העל א גיפּסן גיפּסענע לעוואָנע.
און רויִק טריפט דער לויטער אייל
פון קוימענס ציגלנע אף ערד זאכטער פארטראכט —

אין לאנגע לײַלעכער געוויקלט ווײַס,
שטייט סוידעסדיק א בלאסע שטאָט
און דוכנט שטום מיט מיר אף זילבערנער לעוואָנע...

1922

* * *

איך האָב קיינמאָל ניט געריייכערט,
זע, איך האַלט א פּאפּיראָס!
ווי ס׳פארגייט דאָס בלויע רויכל,
פארגייט מײַן ייִנגלשער פארדראָס...

איך זיץ דאָ, און זי אָט דאָרטן,
גוט אזוי, געוויס!..
ס׳גייט בא אונדז א שפּיל אין קאָרטן
בא א קײַלעכדיקן טיש...

קלײַב איך אויס די דאמע אייכל,
זי — דעם אונטער פּיק.
און זי לאכט שוין און זי שמייכלט —
נעם ארום, נאָר ניט דערשטיק!..

מיש איך אלע קאָרטן איבער,
ווארף פון טיש אראָפּ...
לאכט זי. — ייִנגעלע מײַן ליבער,
א געזונט אין קאָפּ!

1926

## אַט דער ברעג

אַט דער ברעג פונעם טײַך און דײַן נאָמען,
באַנאַכטיקער ציטער און ריר, —
ווי ס'פאַרבייגט זיך אַ האַלבע לעוואָנע,
פאַרבייגט זיך דײַן קאָפּ צו מיר...

בלוט איז בלוט, און גלויבן איז גלויבן.
נעם אַרום, דריק צו אַט אַזוי...
ווען עס ווערן שעמעוודיק אויגן,
ווילט זיך מערער נאָך קוקן אויף זיי...

וויקלט זיך האַנט אויף אַקסל אַריבער,
נאָך אַ הייב, נאָך אַ שאָקל דעם קאָפּ,
פלייץ פון טײַך גיסט זיך איבער,
רייץ פון בלוט שווימט אויף און שווימט אָפּ.

1926

* * *

דאָ איז שטיל, סע ציט זיך קאלטער אומעט,
מע רעדט נאָך טיף, געלאסן, ווי אמאָל.
ווער האָט מיך געבעטן, איך זאָל קומען?
פארוואָס האָב איך אליין אהער געוואָלט?

נאָך בענטשט מען ליכט אף אלטע לײַכטער,
גלאט אזוי, ס׳גלוסט זיך גאָרניט בענטשן.
דוכט זיך יעדן, עס וועט ווערן לײַכטער,
וויל ער נאָכטאָן, וואָס עס טוען מענטשן...

נאָך זײַנען געסעלעך אלץ שמאָלע, קרומע,
מעג מײַן אויג א וואָרף טאָן זיך אהער.
נאָר כ׳קאָן נאָך ליכטיקער ניט קוקן,
ווי אלע די פון היגער ערד...

זאָל זײַן — ס׳וועט אזוי שוין בלײַבן,
ווער עס לעבט, מוז אָנרירן די ערד.
נאָר כ׳קאָן פאר זיי מיט הארצן ניט פארשווײַגן,
אז ס׳איז ניט גרינג, ס׳איז ענדערן זיך שווער...

אין מאָסקווע איז גוט, אין מאָסקווע איז בעסער.
עס זינגט זיך אנדערש בא דעם פלייץ פון שײַן,
אלטע היים איז נאָר א טעמפער מעסער,
וואָס קען ניט אָנרירן און קען שוין שארף ניט זײַן...

1925

* * *

נאָך מײַן יונגן יאָמטעוו ניט געפײַערט,
ווײַסע רו אַף מײַן הארץ ניט באשפּריצט, —
איז מײַן גאָלדענער אופשטײַג מיר טײַער,
ווען אין נאכטיקער שײַן ער צעבליצט...

איך בין נאָך א קינד א פארשײַטער
און מאָן שוין אזויפיל פון זיך,
גלײַך די שטערן — אָט די זילבערנע רײַטער —
פארצוימען פון מיר זייער ליכט...

גלײַך דעם וועג צו מײַן שטוביקן געסל
און דעם שליסל צו גאָר דער וועלט
האָב איך אַף שטענדיק אין ערגעץ פארגעסן,
ווי ציט׳ריקע טריט בא א שוועל...

איך הייב זיך אוף אַף א לייטער א ווײַלע,
כ׳וויל א קוק טאָן — עפּשער בין איך גאָר בלינד?
אָט אהינצו, ווו טויזנטער אײַלן,
קאָן זיך ניט אײַלן קיין קינד...

נאָך א וואָרף אין דער הייך מײַנע אויגן,
שטערן־שײַן טריפט פארבײַ מיר אראָפּ,
און ס׳גייט אוף מײַן יאָמטעוו אין די אייגענע אויגן,
און געבענטשט ווערט מײַן אייגענער קאָפּ...

1926

* * *

ווי אלע קינדער, האָב איך אויך א היים,
א טאטן מיט א מאמען אין צימערן א פּאָר,
און בלײַב איך ווען־ניט־ווען אין שטוב אליין,
פארטראכט איך זיך אף טאטנס גרויע האָר...

די אָוונטיקע שאָ, די טונקעלע און קלאָרע
גיט דעם קאָפּ מײַנעם צו אים א צי.
אזויפיל לויטערקײַט האָט ער פארלאָרן
אין שאָען פּײַן, אין יאָרן מי...

זײַן דארער פּאָנעם האָט פארהיט די צייכנס
פונעם גרויסן וואָגל איבער קאלטן לאנד,
זײַן זון זײַן עלטערער נאָר מאָלט און צייכנט
מיט ציטעריקע פינגער פון זײַן האנט...

און איך, זײַן צווייטער זון, גאָר לידער שרײַב.
וואָס קענען מײַנע פערזן אים פארטרויען?
אז ס'פעלט אמאָל א העמד אים אפן לײַב,
אָדער, אז הימל שײַנט ווי אלעמאָל אין בלויען...

הינטער פענצטער פאלט א ווײַסער שניי,
א ווינטער־אָוונט, א געסעלע א וויסטע.
זײַן דריטער זון איז איצט אין דער ארמיי
און שיקט אהיים בריוו אומזיסטע.

מיר קלײַבן זיך צונויף און גייען זיך פאנאנדער,
יעדערער באזונדער, יעדערער מיט זיך.
ס׳איז גרויס די וועלט אף זוכעניש און וואנדער
און קליין די שטוב אין טונק׳לע פאסן ליכט...

1929

# צו מײַן קענדל

הײַנט טרינק איך וואסער פון מײַן קופער־קענדל,
איז אזוי געשמאק מיר און אזוי באקאנט.
כ׳גיב א כאפ דיך פאר דײַן גראָבן הענטל,
טוט א ציטער מײַן דינע האנט...

לאנג שוין וויל איך מיט דיר ריידן,
גיסטו וואסער נאָר צו מיר...
זעכציק יאָר געטרונקען האָט מײַן זיידע,
און אזויפיל יאָרן טרינק איך שוין פון דיר...

כ׳פלעג א כאפ טאָן קינדעריש ניט זיכער
און א גאָס טאָן וואסער איבער הויף...
לויפן קוקן, וואָס קען פליִען גיכער
גאָס פון וואסער, צי קינדערישער לויף...

ווערט אלץ ווידער נאָענט, נעענטער,
אָט איז גרינס פונעם ברייטן בייט,
אָטאָ קריך איך דורכן הויכן פענצטער
און פאל אראָפ צעקלאפטערהייט...

וויפל מאָל האָט דיך א האנט געשײַערט,
ביסטו אלץ נאָך פול און גאנץ,
טוסט א שפריץ מיט טראָפנס פײַער
און א פינקל מיט רויטן גלאנץ...

1926

* * *

זיכרוינעס! זיכרוינעס! אָ, אָדערלעך דינע,
באהעפטע אין הארצן פון פינקלען און לעשן.
צי וועל איך בא עמעצנס פרעגן איַיך בענטשן
מיט אופגאנג און אָפּגיין פון פינקלען אָן לעשן?

1922

* * *

זײַ געבענטשט מײַן פארלאָזענע היים!
ווערסט געוויס מיר די ווילדקײַט פארגעבן...
איך רייד שוין אזויפיל פון זיך אליין,
ביז כ׳פארגעס אונדזער אלעמענס לעבן...

אזוי ציטעריק שטיל איז מײַן ליד,
ווי זי וואָלט מיר אָן אָוונט דערמאָנען...
אז מע שטעלט נאָר די ערשטע טריט,
איז אלעמען ליב דער נאָמען...

מיך אויך האָט מען ליב — מע גריסט און מע גריסט,
ווי יונג ער איז נאָך און גלייביק...
גלײַך מײַן ווילדער, קינדערשער ריס
פארגייט אין געזאַנגען אף אייביק...

בין איך איצטער א גאסט אין מײַן היים —
א גאסט אזא ליבער און מילדער.
רייד איך ווידער פון זיך נאָר אליין
מיט מײַן פלאפל און גאנצן געפילדער...

אזוי ציטעריק־שטיל איז מײַן ליד,
און איך בין אזוי ניט באשיידן...
אז מע שטעלט נאָר די ערשטע טריט,
ווילט זיך רײדן, און רײדן, און רײדן...

1926

* * *

שוואנגערט שווער מיט וואָלקנס ווינדעלעך א הימל,
אף סקווערן, אײַנגעטונקט אין בלעטער, כאשכעס לײַכט,
און ס׳שיילט זיך אויס א נאכט פון גראָווער מײַרעוו־כופּע
און אין אטלעס־פּעלערינע, ווי א באָבע, שלײַכט...

וואשט ארום זיך האלב־פארכאלעשטע לעוואָנע
און בלײַבט א ליכטעלע בא אָוול־ערד צוקאָפּן,
און בעטלער זיך פארשלעפּט אף קרומער
הינטערגעסל
פאלט צו א פארקן שלעפּ׳ריק שלאָפן...

1922

# זעגענונג

איך זיץ און ברעך די שוועבעלעך אין האנט
אין דײַן פירקאנטיקן און קאלטן צימער, —
מאיאקאָווסקעס בילד קוקט אראָפּ פון וואנט
און לאכט, דאכט זיך, פון דער ליבע דער אינטימער...

דו קלײַבסט זיך פאָרן אפן ווײַטן מיזרעך,
אָדער נעענטער א ביסל קיין סיביר,
נו, ווו מע דארף זײַן, דאָרטן איז מען —
ווער קען עס ברויגעז זײַן אף דיר.

דער הימל איז געוויס דאָרט קאלט און בלוי
און גרויס און זילב׳ריק זײַנע ווינטערדיקע שטערן,
דו, שיינע, שלאנקע, שווײַגנדיקע פרוי,
זאָלסט אונטער פראָסט באריידעוודיקער ווערן!

און ס׳ענטפערט מיר דײַן שווײַגן אף צוריק:
— אז ביסט אין ארבעט שטענדיק גינציק,
אז יעדער איינער זוכט זיך אויס זײַן גליק
אין אָט דעם אָרט, ווו ער געפינט זיך.

איך זיץ און ברעך די שוועבעלעך אין האנט,
א גאנצער הויפן העלצלעך — סארא שרעק איז!
צען טויזנט קילאָמעטער אין אונדזער לאנד
איז, טײַערע, ניט פון די קליינע שטרעקעס...

1933

* * *

גוט זײַנען פרימאָרגנדיקע רייד,
נאָר ליכטיקער איז אָוונטיקער שווײַגן —
אזא וועג אין בלויקײַט איז פארשפרייט
אף פאלן און אף שטײַגן...

לאָז איך איבער אָן אָפענע מײַן טיר,
קיינעם, קיינעם וויל איך מער ניט הערן...
ס'האָט מײַן אָטעם ווידער אָנגערירט
אזא שײַן און אזויפיל שטערן...

גיי איך אום און ס'וויקלט זיך דאָ איבער,
וואָס עס איז געשען און וואָס עס דארף נאָך זײַן...
קענטיק, אף לאנג האָט זיך צו מיר פארקליבן
אָט די שטילע אָוונטיקע שײַן...

א ווײַלע ציט זיך אויס פאר מיר דער טויט,
אָדער ס'טראכט זיך גאָר פון ווײַטן שטײַגן...
גוט זײַנען פרימאָרגנדיקע רייד,
נאָר לויטערער איז אָוונטיקער שווײַגן.

1926

* * *

זוכט אלץ נאָך אין הייליקן „אָרן" א מאמע
עלי׳אָהו דעם נאָוויס א קאָס —
כאָטש שטאָט האָט געצייכנט אף הימלען
מיט קינדער־נעשאָמעס אן „אָס".

ערד האָט פארלאָרן אין וועלט־דראנג א טאטן,
וועלט האָט צעריסן א הארץ,
און ברודער פירט שטיל זײַן געגאנוועטע שוועסטער
דורך שווארץ־שווארצן מאנטל פון גאס...

זוכט אלץ נאָך אין הייליקן „אָרן" א מאמע
עלי׳אָהו דעם נאָוויס געזיכט,
ווען ס׳קײַקלען זיך געטער און באָטיימעדראָשים,
ווי כיילעוונע טראָפנס פון ליכט...

1922

* * *

מײַן כאווער איזי כאריק

1

האָב איך ווען באליידיקט דיך — פארצײַ!
אלץ רעדט ארויס דער ריס פון ליפּן.
אונדזער כאווערישע ליבע איז פארבײַ
און נאָר א שווערקײַט ז׳צווישן אונדז פארבליבן...

האָסט מיטאמאָל צעצונדן דײַנע ליכט,
און איך האָב אײנציקווײַס געלאָשן און געצונדן.
האָסטו פאר אנדערע באהאלטן דײַן געזיכט,
גלײַך די נאָענטקײַט איז שוין פארשוווּנדן...

אלץ און אלץ ווועל איך דיר שענקען —
דײַן ברויגעזדיקע שארפקײַט קײנמאָל ניט.
ווען ס׳זינגט ארויס פון דיר א בענקען,
ליב איך דאן די שורעס פון דײַן ליד...

האָסט געגוג געשריִען, דארפסטו שווײַגן,
זיך און קוק אף אָוונטיקער שײַן,
ווי אין בלויקײַט און אין רויטן שטײַגן
דערמאָנט זיך נאָך א נאָענטער, א פרײַנט...

אלץ קומט אוף און גײט פארבײַ,
ציטער קינדערשער און כאווערישע קושן...
עפּשער טרויעריק אזוי, און עפּשער סײַוויסײַ
לעבן זאָלן כאווערישע גרוסן!..

יאנוואר 1926

## 2

מיר האָבן זיך צעשיידט
און זײַנען זיך צעגאנגען
ניט מיט גוטע רייד,
מיט ליכטיקע געזאנגען.

איבער מאָסקווע־שטאָט,
אינעם לאנד פון ראטן,
מיר ווייסן דעם געבאָט —
קיינמאָל ניט פאראטן...

האָט ער מיר געזאָגט:
— לאָמיר טרינקען ווײַן!
— גוט האָב איך געזאָגט,
ווי דו ווילסט, זאָל זײַן.

אין א רויכיק שענק,
אין א שענק א שפּעטן,
זיצן אָנגעלענט
צוויי ייִדישע פּאָעטן...

זינגט אונדז א ציגײַנערן:
— ליב געהאט גענוג,
מע דארף נאָר ניט פארפּײַנערן,
וואָס געשען איז קלוג!

שטייט די פלאש א פולע,
זע, מיר טרינקען ניט!
מיר, צוויי דיכטער דולע,
לייענען א ליד...

און מיר שפּאַנען ווידער
איבער מאָסקווער ברייט
און מיר ליי׳נען לידער,
און זײַנען הערן גרייט...

וואָס און ווער איך בין
ווײסטו פון ליד באַלד טרעפן,
מיר ווועלן ביז באַגין,
יאָ, ביז באַגין זיך שלעפן...

לויפט דורך א טראַמוויַי,
איז ניט לאַנג געטראַכט,
און געזונט מיר זײַ!
האָב א גוטע נאַכט!

האָב א גוטע נאַכט!
און געזונט מיר זײַ!
און ניט לאַנג געטראַכט
יאָגט שוין דער טראַמוויַי...

מיר האָבן זיך צעשיידט
און זײַנען זיך צעגאַנגען
ניט מיט גוטע רייד,
מיט ליכטיקע געזאַנגען...

1927

* * *

פון וואלד צו סטעפּ מיך פירט דער צוג אוועק,
פון סוויסלאָטש־טײַך ביז יאם דעם שווארצן,
אזויפיל רו איז דאָ אין אווגוסטדיקן וועג,
א לויטערקײַט אזא גיסט זיך אָן אין הארצן...

פליט דער צוג געשווינד, געשווינד,
הייבן, וויגן זיך די שויבן.
איך רוק דעם קאָפּ ארויס — שמײַסט א ווינט
און ס'ציטערן די ברעמען פון די אויגן.

ווײַסרוסלאנד איז שוין אָפּ. אוקראינע קומט,
פארציט א ליד א יונג א פויער.
אלץ ארום איז טונקל דאָ און שטום —
געזאנג און סטעפּ, גרינס און טרויער...

מע רופט „סלאָוועשנע” אויס. אָוונט. קיל.
גייט אויף אין ווײַט א ליכטיקע לעוואָנע.
וועקט זיך אויף אין מיר א ציטערדיק געפיל.
טוט מיר אזוי וויי פאר דעם באקאנטן נאָמען.

עס גייט דער וועג. און שטעט אזעלכע בלײַבן.
קיינער זעט ניט. דרימל, שלאָף.

לעוואָנע, סטעפּ און גרויסער שווײַגן.
מיר פֿאָרן אָפּ. מיר פֿאָרן אָפּ.

איך צי זיך אויס, מיך פֿירט דער באַן
צו זון, צו רו, צו מעכטיקייט פֿון יאַם.

1927

* * *

און דאָס פֿאַרהענגל פֿאַרהויבן,
זיך אַ ריס געטאָן פֿון טיש,
אויסגעווישט דעם טוי פֿון שויבן,
שטיין געבליבן, ווי צעמישט.

וואָס זשע זע איך — גאָרניט! גאָרניט!
ס'ציטערט אויף די הויט פֿון לײַב,
וואָס מע מעג און וואָס מע טאָר ניט,
מעק איך אויס און איך פֿאַרשרײַב.

ס'האָט אַ רעגן דורכגעגאָסן,
רינען טראָפּנס פֿונעם דאַך.
אַלע פֿינצטערע פֿאַרדראָסן
וואַרף איך איצט אין גאַנג פֿון נאַכט.

און דעם שוואַרצן קאָפּ פֿאַרהויבן,
כ'שטעל זיך פֿעסטער אויף דער ערד.
ווער עס קאָן אין גאָרניט גלויבן,
זאָג איך: דער איז גאָרניט ווערט...

אָפּט איז שווער נאָר צו באַנעמען,
וואָס געשעט און וואָס קומט פֿאָר.
כ'נעם זיך ווידער פֿאַר מײַן פּענע,
העלף מיר, פֿרײַנט, ביז הונדערט יאָר!..

אײַך דאָ אַלעמען באַגריסן,
ליבע בירגער פֿון מײַן לאַנד —
פֿאַר אַ ליכטיקן געװיסן
הײב איך אױף מײַן רעכטע האַנט...

1928

* * *

פֿארבייגן זיך שטערן אף בלוילעכן אָדער.
פון וואָכן א וואָך ניט דערהארן וועל איך;
ס׳צעמישן זיך שאָען אין וויגן פון ליר־ליו
און קיינער ט׳ניט זוכן דעם אָנהייב אין זיך...

איך גיי דאָ א וואָכיקער באָכער אף גאסן,
אַן אָדאָם האָרישן גערינגלט אליין.
ווער וועט מיר פארגינען א כאווען מיט עפּל,
ווען וואָכן מיט וואָכן ניט גרענעצן שוין?..

1922

* * *

מיר גייען באַנאַנד
מיט געמאָסטענע טריט
און דעם קלאָרן געזאַנג
אין פאַרבלענדונג מיר הערן.

א ווײַסקייט אַזאַ
שיט און שיט
אויף אונדזערע קעפּ
דורך די טויזנטער שטערן...

כ'האָב דיר גאָרניט געזאָגט,
האָסט מיר גאָרניט געזאָגט,
אין די אויגן א קוק
נאָר א קליינינקע ווײַלע,

און סע דוכט זיך מיר אויס,
אַז אין האַרצן איך טראָג
א פרישקייט אַזאַ,
ווי דער שניי איבער מײַלן...

און סע דוכט זיך מיר אויס:
איך גיי ניט מיט דיר,
עס גייט נאָר א שניי
און פאַרקלעפּט אונדז די ברעמען,

און ס׳הענגט אין דער לופט
א ווײַסער פּאַפּיר,
ווו ס׳צייכנט דער שניי אָן
אונדזערע נעמען...

מיר שטעלן זיך אָפּ
בא א טויער אָט דאָ,
אין האסטיקן גאנג
פליט פארבײַ דורך א שליטן.

איך בייג אײַן מײַן קאָפּ,
דו בייגסט אײַן דײַן קאָפּ,
גלײַך אונדזער פארלאנג
איז אוועקגעריטן...

1928

* * *

איך בין געפֿאָרן רוען, — האָב איך אויסגערוט,
שטילקייט האָט דערהייבן מײַנע לידער...
דעם רויש פֿון טריפֿנדיקן בלוט
האָב איך דערהערט אפּסנײַ און ווידער...

אלע זאָגן — הייב איך אָן צו גלויבן —
ציטער קינדערשער ז׳פֿון מיר אוועק...
טיפֿן שרעק פֿון מײַנע אויגן
האָט א קלאָרע לויטערקייט פֿאַרדעקט...

האָט ווײַסער שניי געגעבן זיך א שאָט,
אזא ווײַסקייט איז אין מיר פֿאַרבליבן...
איז זיכערער געוואָרן דאָ מײַן טראָט
און פֿעסטער, קלאָרער דער קלאַנג פֿון ליפּן...

1926

* * *

מײַן לעבן מיט טעג געוואָרנט,
כאָטש קיינער האָט נאָך מיר קיינמאָל געבענטשט,
נאָר אַ מאַמע באַם שטילן געבאָרן
האָט געוווּנטשן — זײַ אַ מענטש!

איז ליב מיר מײַן יעטווידער טראָט,
וווּהין נאָר ער וויל מיך פירן.
אַלצײַנס — אומעטום מיר אַן אָרט,
אַלייצנס — אומעטום מײַנע טירן.

כ'בין געוואַקסן אויף דאַרע הענט,
מיט קושן פאַרווײַלט פון באָבעס,
און איצטער לעב איך אין שטעט,
איך דאַרף ניט קיין זאָרגן האָבן.

איצט גיי איך מיט יאָרן וואַקסן,
און יאָרן — זיי נעמען מיך אײַן.
איך ווייס ניט, וואָס ערגעץ וואַרט מיר,
איך ווייס נאָר — איך דאַרף זײַן.

דעקאַבער 1923

* * *

אין פעלצן געקוטעט מיר פאָרן באַפערט —
א שליטוועגס א ווייכער אף ווײַסרוסישער ערד.

מיט לידער פארפולט די געלע פאָרטפעלן,
פארן לייענער־אוילעם מיר פאָרן זיך שטעלן.

צי לייענט מען דיכטונגז? מיר ווייסן ניט, ניין.
אויב הויך איז די שטים, וועט זי זיכער דערגיין...

ווי באַטאָגיקער פראָסט ליכטיק און פריש
גיסט זיך אין קלוב אונדזער ווערטער־געמיש.

לויכטן און קוקן פארשטוינטע געזיכטער
פונעם ריטמישן קלאנג, וואָס קומט אומגעריכט גאָר.

אף א שליטן אן אלטן מיר ווערן געפירט
פון ייִשעוו צו ייִשעוו, קאָלווירט צו קאָלווירט.

א ווײַסע געבײַ שווינדט פארבײַ אונדז אדורך
— גיכער דאָס פערד — זאָל דיך נעמען דער רו׳ך!

און ווידער א סטאנציע און ווידער א באַן,
ניט גרויס איז דאָס לאנד, נאָר ס׳איז ראכוועס פאראן.

ווי ס׳פירט זיך בא אונדז לויט דער אלטער געוווינהייט,
מיר זעצן זיך אויסעט אלע אינײנעם.

מיר האלטן זיך אונטער מיט שטיקעלעך הון,
מיר לייגן זיך שלאָפן ביז סט׳אופגיין די זון.

און רײַבן די הענט פון פּראַסטיקער קעלט:
ווי גוט, וואָס ס׳איז אויפעס פאראן אף דער וועלט!

דער באן שטעלט זיך אָפּ מיט א ראשיקן שטויס,
א ייִשעוו א נײַער, מיר קריכן ארויס.

און ס׳פירט אונדז ארום שוין פון שטאָק צו שטאָק
א הויכער אינזשעניער אין א קאלכענעם ראָק.

און ווײַזט אונדז די ליים אף פארפראָרענע הענט:
— פון אזא־אָ געמיש ווערט געמאכט דער צעמענט.

מיר הייבן זיך אופעט און נעמען זיך ווידער
צו די געלע פּאָרטפעלן, פארפולטע מיט לידער.

צי לייענט מען דיכטונג? מיר ווייסן ניט, ניין.
אויב שטארק איז דאָס וואָרט, וועט עס זיכער דערגיין.

און ס׳פליט אינדערהייך איבער שטויביקן צעך
אונדזער ריטמישער קלאנג און דער ווערטער־געפלעכט.

אין פּעלצן געקוטעט מיר פאָרן באפערט,
א שליטוועגס א ווייכער אף ווײַסרוסישער ערד.

1932

* * *

א ליכטיק פלאקערל אף יונג־געגאָלטן פעלד
צעווארפט א זינגען דאָ א ווארעמען א ווייכן
און ס׳לײַכט זיך דורך א פײַערל א גרינגס אזא,
א פײַערל אזא —

טראָג איך שפענדלעך אום א פולע ווײַסע פּאָלע,
ערשט כ׳גיב א שאָט פאר פונקען אָט אזוי
און כ׳לאָז זיך לויפן שוין מיט שטערן אין געוועט
אף אָפּגעהאקטער שטרוי —

יאָגט מיך נאָך א שיקסעלע א ווײַס׳ אזא
און קוועלט מיך אָן דעם נארישן, וואָס לויפט;
זעצט זיך אָפּ א שטערנדל, א שטערן אף מײַן ליפּ,
מיך אײַנהאלטן פון גיין.

ליגט אף פעלד א יונג־געגאָלטער באָכער
און ווארעמט זיך באם פײַערל, באם ווייכן...

1922

## אף א ליטעראַרישן אָוונט

איך לייען הײַנט, ווי כ׳לייען אלעמאָל,
איינס נאָך איינס די ווערטער גייען איבער.
מײַן ווײַכער, זינגעוודיקער קאָל
ווערט אײַך נעענטער און ליבער...

אלע שורעס מײַנע וואקלדיקע, שטילע,
וועלן ציטעריק צו אײַך דערגיין
און קלאָרער נאָך וועט איר דערפילן
דעם געזאנג פון מײַן געביין...

נעמט צו פון מיר מײַן יונגן גרוס:
א הארבסט אזא איז די שטאָט באפאלן,
יעדער געלער בלאט — אן אָפּגעוועלקטער קוש,
און יעדער געלער בלאט — א הויפן שטראלן...

ס׳איז פרי. און ס׳פאלט שוין צו דער אָוונט,
דער הארבסט דער קלאָרער וועט געוויס זיך שטעלן,
און ס׳איז מיר גוט פון דעם:
כ׳בין אײַך ווי פרילינג נאָענט,
און כ׳קען נאָך הארבסטיק־רײַף ניט זײַן געפעלן...

1928

* * *

א שטילקײַט אזא. ברענען איינציקע פײַערן.
עס שליאָנדערט זיך אום דאָ די כעוורע אליין.
און יעדערער ווייס דאָס ווערטל דאָס טײַערע:
אז „די שווערסטע מעלאָכע איז ליידיק צו גיין”.

טונקל און פינצטער אין געסעלעך שמאָלע,
מע פלאָנטערט די צונג, מע רעדט צווישן זיך,
און מע וועגט אין דער נאכט, אזוי ווי אף שאָלן,
דעם קליינינקן ווערט פון אייגן געזיכט.

ארום און ארום זײַנען וועלדער געדיכטע,
די קלאָרע בעריאָזע גייט מיט וואסער א שפיל.
און ס׳ווייס קיינער ניט איצטער אף וואָס זיך צו ריכטן
אינמיטן דער נאכט, ווען ס׳איז פינצטער און שטיל...

גיט א ווינטל א וויי, א צי און ס׳ווערט קעלטער.
מע שפאנט איבער לאנגן, הילצערנעם בריק,
און מיט פעך גיט א שמעק פון די סאָסנע־וועלדער,
וווּ ס׳בויט זיך די נײַע, די ווײַסע פאבריק.

איז טאקע פאר זיי ניט אלץ נאָך פארפאלן.
מע טאָר ניט,
מע דארף ניט
פון בריק און אין טײַך,

זיי וועלן, ווי אַלע, אויסלייגן שפּאַלן
מיט פֿאַרבראָנזעטן לײַב שטיין מיט אַלע צוגלײַך.

אַ שטילקײַט אַזאַ. ברענען איינציקע פֿײַערן.
עס שליאָנדערט זיך אום דאָ די כעוורע אַליין.
און יעדערער ווייס דאָס ווערטל דאָס טײַערע:
אַז „די שווערסטע מעלאָכע איז ליידיק צו גיין”.

1929

* * *

ב׳האָב דעם שווארצן יאם געלאָזן הינטער זיך,
דעם דניעפער־טײַך נאָרוואָס אדורכגעפאָרן.
עס שפיגלט זיך אין וואסער מײַן געזיכט,
און ס׳שלאָגן זיך אָן ברעג, ווי כוואליעס, מײַנע יאָרן...

איך פאָר און פאָר — אין לענג און ברייט —
אוקראַיִנער סטעפּ מיט אויג מײַנעם באנומען.
און יעדער אופשריפט מיט העלדישקײַטן ווײַט
און יעדער סטאנציע — שלאכט און רום דאָ...

ווי ס׳וואָלט א בליץ טאָן איצט מיט קויל און ביקס,
מיט טלאָען־קלאפּ און פערדן־רײַטער.
עס גרינט שוין גראָז און הויך איז דער געוויקס
און ס׳פירט דער צוג מיך ווײַטער, ווײַטער...

און כ׳שטיי שוין דאָ אין לויכטנדיקן זאל,
אלע מיר — מיט אוקראַיִנער און רוסן.
און מיטאמאָל דערלאנגט אין הויך א שאל
מיט קלאנגען קלאָרע פון פילשפראכיקע גרוסן.

און אויגן טויזנט צעגלאנצן זיך אין ליכט
און יעדער איינער שפיצט שוין אָן זײַן אויער.
עס שפיגלט זיך אין וואסער מײַן געזיכט,
דער שווארצער יאם איז בלוי און אומגעהויער...

מײַ 1929

## באגעגעניש

דו, מײַן כאַווער, וואָס שפּילסט טעאַטער,
דו, מײַן כאַווער, וואָס קאָסיעסט היי
און דו בלוי־אויגיקער קאָמבאַטר
פון דער ווײַטמיזרעכדיקער אַרמיי.

מיר האָבן זיך באַפּערט געטראָפן,
דער הימל איז געווען טונקל רויז,
און די טיר אינגאַנצן אָפן
אין קאַפע מיטן נאָמען „מאַטראָס“.

און גלײַך פאַרנומען א מאַרמאָר־טישל,
און ס׳האָט געגלאַנצט דער געלער ביר,
און אײַערע לעבנס אופגעמישטע
האָבן דורכגעבליצט פאַר מיר.

ס׳איז דיר שווער, זאָגסטו, צו שפּילן,
ווען ס׳פעלט אויס דער רעכטער טעקסט,
ווען ס׳צאַמט דער אווטאָר די געפילן
און ס׳פעלט דעם אווטאָר דער פּאַרמעסט.

און דו דערציילסט שוין אויך וואָס הערט זיך,
אַז ס׳איז בא אײַך איצט נאָכן שניט,
אַז שנײַדן קענסטו טויזנט העקטערס
מיט איין גוטער, שיינער ליד.

און דו, וואָס האָסטו זיך פֿאַרנורעט,
די אויגן צו דעם גלאָז אַראָפּ —
עס שווינדלט דורך אַצינד מאַנדזשוריע
אין דײַן בלאָנדן העלן קאָפּ.

דערנאָך האָבן מיר דאָ אופגעשטעלט זיך,
אויסגעשעפּט איז דער געשפּרעך —
יעדער איינער האָט אַ וועלט דאָך
און ער איז בא זיך גערעכט.

אַזוי־אָ ווערט מען פּלוצעם נאָענט,
יעדער איינער מיט זײַן פּאַך.
זיך באַגעגנט אין אַ קרימער אָוונט
און צעשיידט זיך אין אַ קרימער נאַכט!

1934

* * *

דער צוג פירט מיך ווידער קיין דאָרעם,
מײַן וואגאָן וועט מיך ברענגען אין קרים,
וויפל מאָל כ׳בין אין הארבסט ניט געפאָרן,
איז דער סענטיאבער ניט געווען אזוי גרין.

אָט קויף איך די ווײַנטרויבן ערשטע,
א פרישע יאגעדע כ׳פּרוּוו אף דער צונג.
מײַן שאָכן גיט פּלוצעם א קער זיך:
„דער ווײַנטרויב איז נאָך קענטיק יונג״.

אפן פעלד, דאכט זיך, רײַט וואָראָשילאָוו,
די מאנעוורעס שליסן זיך הײַנט.
איך ווייס, נאָך א וועטער א שטילן
קען א גוטער שטורעם זײַן.

מיט היץ כ׳בין דעם וועג שוין באוואָרנט,
פארפּולט איז מיט שטויב דער קופּע.
פארבײַ מיר שפּאנט אדורך פונפאָרנט
א קאָמאנדיר אין הויזן גאליפע.

אין טשעמאָדאן האָט ער זיכער באהאלטן
נײַע באלעטקעס און טרוסן א פּאָר,
און אויסגעשניטענע צײַטונג־שפּאלטן
וועגן טאנקן אפן פיר און דרײַסיקטן יאָר.

קאָמאַנדיר, ניט האָט קיין פּאַריבל,
וואָס איך שטעל אײַך אָפּ אין מיטן וואַגאָן:
טוט אויס, איך בעט אײַך, די שטיוול
און טוט גלײַך די באַלעטקעס אָן!

אַזוי פֿאָרן מיר אָפּרוען אַלע,
אין סטעפּ איז שוין נאַכטיק־שפּעט,
און אין קעשענע ליגט טיף באַהאַלטן
דער געלער וואַגאָן־בילעט.

דער צוג פֿירט מיך ווידער קיין דאָרעם,
מײַן וואַגאָן וועט מיך ברענגען אין קרים.
וויפֿל מאָל כ׳בין אין האַרבסט ניט געפֿאָרן,
איז דער סענטיאַבער ניט געווען אַזוי גרין.

1934

* * *

יוגנט מײַנע, יוגנט, ווילדער בריק,
קען איך ניט פאָרויסגיין און כ׳וויל ניט גיין צוריק...

פײַערן, לאמטערנס, שפּילן מיר דאָ צו,
פײַערן, לאמטערנס, פירן ערגעץ־ווו...

און עס שפּילט פונווײַטן און עס הייבט און טראָגט
אזא ווײַסער אָוונט נאָך א גרויען טאָג...

פאלן קלאנגען, ווי ווינטערדיקע שטערן,
קלאנגען ליכטיקע, און אלע, אלע הערן...

נאָר אליין דער שפּילער איז שוין טויב אצינד,
נאָר אליין דער שפּילער — א פארלאָרן קינד...

קיינער שפּילט ניט, גאָרניט קומט ניט פּאָר,
ס׳איז א מענטש געשטאָרבן — איז שוין הונדערט יאָר...

בעטן זיך אפישן און אפישן שרײַען —
פון געהער פון טויבן מוז מען אים באפרײַען...

און ס׳איז שטיל אזוי, און ס׳איז ווײַס אזוי;
אינמיטן מארט זיך שיט א נאסער שניי...

נאָר שויבן לײַכטן זיך אין פענצטער אלע,
און שטימען הייבן זיך און שטימען פאלן...

און ערגעץ טרינקט מען ווײַן און ס׳גיסט זיך שוים פון ביר,
און ערגעץ שפּילט איצט הויך א שטומפּיקער קלאוויר...

בעטהאָווענען, בעטהאָווענען, בעטהאָווענען דערלאנגט!
זײַן וווּנדערלעכע שפּיל, זײַן ראשיקן געזאנג...

פּײַערן לאמטערנס — טווערסקאיא גייט א טאנץ,
און אָט איז שוין דער קרעמל און אָט איז רויטער פּלאץ.

שלאָגט דער זייגער איינס און שלאָגט דער זייגער צוויי;
אין מיטן מארט זיך שיט א נאסער שניי...

און ס׳גייט די שפּיל אפּסנײַ און ס׳גייט די שפּיל שוין ווידער,
שרײַ איך אינדערהייך און הער ניט מײַנע לידער...

יוגנט מײַנע, יוגנט, ווער שטארקער און געזינטער,
ווער ס׳קען ניט אריבער, יענער מוז ארונטער.

יוגנט מײַנע, יוגנט, ווילדער בריק,
וויל איך נאָר פאַרויסגיין און כ׳וויל ניט גיין צוריק...

מארט 1927

* * *

אפסנײַ הייב איך אָן מײַן צעריסענעם פּאָדעם,
די געזאנגען די קלאָרע פארלאָרענע אין וועג.
גלײַך מיט אלעמען דאָ כ׳האָב די סטעזשקעס באטראָטן
און געבליבן אליין נאָר אין טונקל פארשטעקט.

מײַנע דיכטער — די פרײַנט — אפן לייטער פון שטײַגן,
איבער ברייט פונעם לאנד אין געדיכטקײַט פארטיפט.
און איך האָב געקליבן די שורעס אין שווײַגן,
ווי מע קלײַבט פון געליבטע בייגעלעך בריוו.

ווען־ניט־ווען, מיטאמאָל, כ׳פלעג מײַן קאָפּ נאָר פארהויבן,
ווי טויזנטער טאָנעס געווען איז ער שווער.
טרעפט א פארבלענדעניש פאלט אף די אויגן,
מע זעט ניט ארום זיך די אייגענע ערד.

טרעפט א פארבלענדעניש נעמט דאָ ארום דיך,
דו בלאָנדזשעסט אוועק אָן א זײַט, אין דער קרום.
גלײַך ווי א גאסט כ׳וואָלט אהערצו געקומען
בא א ברעג פון א טיש צו אָפּזיצן שטום.

אף די קינדערשע הענט כ׳האָב א האק נאָך געטראָגן
אין צוואנציקסטן יאָר פון באנדיטן א שניט.
איצטער האָב איך א גרויען שינעל אף מײַן וואָגן
ניט מיט פלעקן פון בלוט, נאָר פאר פרידלעכער בוויונג
פארהיט.

מײַן גרױע שינעל מיט די קאַנטן די שוואַרצע,
שטײט גרײט אױף דער װאַך פֿון צװײ גרענעצן װעלט.
זאָל בעסער אַ קױל אַרײַן אין מײַן האַרצן,
אײדער װײַטער צו שװײַגן בײַ דער אײגענער שװעל...

1931

## פאָסט נומ. 4

א קאַלטע וועלט ארום. א דרײַסיק־גראַדוסדיקער פראָסט,
צוויי ווענט באַם זײַט, און איך אַליין אינמיטן.
א טיר, א שטעמפּל, א שוואַרצער שלאָס
און נאָך, און נאָך, וואָס איז געגעבן מיר צו היטן.

ס׳איז דרײַ באַנאַכט, איך שטעל דאָ שפּאַן נאָך שפּאַן,
איך קוק ארום די גאַנצקײַט פון פאַרמעגן.
ס׳ליגט גרייט מײַן ביקס אַף לינקער האַנט
און צוגיין נאָענט ווער וועט זיך דערוועגן?

מײַן אויג, מײַן אויער — אַלץ איז אָנגעשפּיצט אין מיר,
דורך שטילקײַט פראָסטיקער איך קען אַזש הערן
דער לעוואָנעס רויִקן און קאַלטן ריר,
די אָנגעשטרענגטע בלויקײַט פון די גרויסע שטערן...

ס׳איז שטיל און ווײַס, מײַן ביקס אין האַנט,
כ׳שטיי גרייט געצילט צו אַלע ווײַטע רופן.
א רויטאַרמייער וויס פאַרטיידיקן זײַן לאַנד,
צי אַף דער וואַך, צי באַ די גרענעץ־קנופּן...

טריט אַף סקריפּענדיקן שניי. ווער גייט?
אַן אייגענער, דער אומבײַט גייט.

און ווידער שטיל. ס׳איז פיר באַנאַכט.
ווי שטענדיק בײַט זיך אין דער צײַט די וואָך.

דעם פּעלץ אַראָפּ. כ׳לאָז איבער דאָ.
עס גייט אין וועלט די פינפטע שאָ...

1931

# א רויטארמייִשער שאבעסניק

יר זײַנען ארויס זאלבעהונדערט צו רייניקן שניי.
ס׳איז דער צוואנציקסטער מארט.
אין דער ווײַסקײַט ארום
גיט א ריר זיך די זון,

אין פרימאָרגיקער קעלט
זײַנען שטיינער נאָך שטום,
אין פרימאָרגיקער קעלט
איז א ווײַסקײַט ארום.

הײַנט איז א רו־טאָג בא אונדז.
ציטערט די ביקס ניט אין האנט,
זי רוט א געריינִיקטע דאָ.

פעלן ארבעטער־הענט אין מײַן לאנד,
וועלן מיר איצטער ארבעטן עטלעכע שאָ...
ס׳איז דער צוואנציקסטער מארט.

ליגט אזויפיל געהילץ אונטער שניי,
ליגן קלעצער באם דנעפּרישן ברעג.
וועט נאָר לאָזן דער טײַך,
וועלן זיי מיטן וואסער אוועק,
מיטן וואסער אוועק...

הונדערט רידלס א הייב אינדערהייך,
עס ציטערן אופעט די שלעמען,
פליט אין לופט א שנייִיקער רויך
און פארשיט אונדז די האָר פון די ברעמען.

הונדערט רידלס א הייב אינדערהייך,
א וואלגער א קלאָץ אף א פור
און עס ציט זיך פון פורן א שנור.
א פור נאָך א פור,
א פור נאָך א פור
פירן די קלעצער אוועק
ערגעץ ווײַט פונעם דנעפּרישן ברעג...

עס זעצט זיך די זון אפן אײַז.
אף דעם גאָלדענעם קאלטן קרישטאָל
זעצט די זון זיך, ווי שטענדיק,
און עס גריסט אונדז א פראָסטיקער קאָל:

— א דאנק אײַך, א דאנק און א דאנק,
וואָס איר האָט אונדז די ארבעט פארענדיקט.
אונדזער מי וועט ניט גיין דאָ פארפאלן.
א מידקײַט א קלאָרע

גלעט די גלידער אצינד,
ס׳איז די ארבעט פאר אונדז
און מיר ווייסן שוין אלע:
מיר דארפן קיין דאנק און קיין לויבגעזאנג ניט.

דאָס צעוואָרפענע לאנד איבער טויזנטער וועגן
ווערט געפורעמט אפסנײַ מיט דער אייגענער האנט.
יעדער ציגל און ברעט אונדזער אל׳מענס פארמעגן.

און ווידער געגאנגען און ווידער געשפאנט,
עס קלאפן די שטיוול דאָ צו,

די אײַזנדלעך קלינגען אַזוי ווי אין טאַצן.
זאָגט צו אונדז קאָמאַנדיר:

— גיט זיך פעסטער א ריר,
זינגט אזוי,
שפּאַנט אזוי,
אז די מיידלעך אין גאס זאָלן פּלאַצן...

ריי נאָך ריי,
ריי נאָך ריי,
מיר פארציִען א ליד,
שטעלן פעסטער די טריט.

ריי נאָך ריי,
ריי נאָך ריי:
— שטאַרקער פאר אלע
די רויטע ארמיי.

ס׳איז דער צוואַנציקסטער מאַרט.
הויל איז פון ברוק שוין דער שטיין
און ס׳איז פעסטער דער טראָט,
און ס׳הילכט אָפּ אונדזער גיין.

און די אײַזנדלעך קלינגען אזויווי אין טאַצן.
מיר האָבן באהונדערט געריינִיקט דאָ שניי...
און מיר זינגען אזוי,
און מיר שפּאַנען אזוי,
אז די סאָנים ארום וועלן פּלאַצן...

1931

## לאגער „סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד”

כ׳בין ווידער וואך א נאכט א גאנצע,
איך שטעל זיך אוף, איך זעץ זיך צו —
ארום איז וואלד, און נאכט, און רו.

עס גייט אין פינצטערניש די צווייטע שאָ,
נאָר ווײַסע פלעקן פון די בײַדלעך שײַנען דאָ.

עס שלאָפט דער לאגער איצט „סאָוועטישע ווײַסרוסלאנד”,
עס שלאָפן רויטארמייער איצט,
און איך בין וואך,
כ׳שטיי גרייט צו ראפּאָרטירן
פאר יעדן עלטערן, וואָס קומט באנאכט דאָ אָן:
— דעזשורנער איבער דיוויזיאָן!
— דעזשורנער איבער דיוויזיאָן!

און ווילט זיך שלאָפן מיר, עס קלעפּן זיך די אויגן,
נעם איך ארויס פון קאבור דעם נאהאן, —
זיבן קוילן ליגן פעסט אין באראבאן,
פערצן קוילן אינעם שײדל בא דער זײַט
וואַרטן זייער ריי און וואַרטן זייער צײַט.

און כ׳לאָז זיך איבער לאגער גיין:
איך קום ארײַן אין טונק׳לער קיך,
עס קאָכן דאָ די קעסלען שוין,
עס גרייט דער פרישטיק זיך.

כ׳נעם ברויט א שטיק, טונק אײַן אין זאלץ:
— ס׳איז אלץ אין אָרדענונג!
— אין אָרדענונג איז אלץ!
ארום איז וואלד און נאכט און רו.

איך לאָז זיך ווײַטער גײן און גיי צום פערד־שטאל צו.
די פערד, זיי ווייסן זייער אָפרו־צײַט,
די פערד זיי ליגן אף דער רעכטער זײַט,
און אָטעמען אין הויך אזוי,
אז כ׳קען די טאקטן ציילן:

איינס, צוויי,
איינס, צוויי...
זיי זײַנען זאט געווּיס און אונטערבעטנס אויך גענוג
(„היט דאָס פערד!״ — האָט אונדז פארזאָגט בודיאָני),
איך טו א קוק —
זיי זײַנען אויסגעוואשן ריין,
איך גיב א גלעט די פעל, די קלאָרע
און באם אופראמער א פרעג:

— ווי פילט זיך אונדזער שקאפע העלדישע אווראָרע!
איך גיי צוריק.
דער ווײַסער לײַוונט פון די בײַדלעך איז אראָפּגעלאָזן
און ס׳טונקען זיך די ברעגן אין פרישן טוי פון גראָזן.

עס הייבט זיך אָן דער טאָג.
דער הימל איז הײַנט בלוי און קלאָר,
עס שוועבן אינדערלופט עראָפּלאנען
און איבער קאָפּ אלץ הילכיקער דאָס רוישן פון מאָטאָר.
דער הימל איז הײַנט בלוי און קלאָר,
א טאָג א זעלטענער פאר עראָפּלאנען.

און ס׳יאָגט שוין
ווזוואָד נאָך ווזוואָד

און ס׳הערט זיך
טראָט נאָך טראָט,
אהין, אהין אין אָפן פעלד —
עס שטייען די הארמאטן אויסגעשטעלט.

און שטילער אלץ דאָס רוישן פון מאָטאָר,
און העכער אלץ נאָך די קאָמאנדע קלאָר!
פײַער!
פײַער!
פײַער!

עס רײַסן זיך סנאריאדן אינדערהייך
אף הימלס בלוי אין קליינע ווײַסע רויכן.
מיר קענען צילן שוין,
מיר קענען טרעפן שוין,
ס׳וועט אונדזער קויל דעם פײַנטס אעראָפּלאן דערגרייכן.
און ביז צו מיר דערטראָגט זיך הויך דאָס קאָל:
— פאר דרייסטקײַט רויטארמייִשער,
— פאר העלדישקײַט,
— פאר ניכטערן פארשטאנד,
— פאר פעסטע גרענעצן אין לאנד,
— צום לעצטן שלאכט
— אף לעבן און אף טויט!
— מיר זײַנען אלע גרייט!
— מיר זײַנען שטענדיק גרייט!

1931

* * *

ווען דער הימל שײַנט אין בלויען,
פֿאַלט אַף דר׳ערד אַראָפּ אַ שטראַל,
איצטער פֿירט מען פֿערד צום פּאָיען
צו דעם קלאָרן וואַסערפֿאַל.

רויטאַרמייער פֿאַר די צוימען
פֿירן אײַנציקווײַז די פֿערד,
אויך אַ פֿערד האָט זײַנע טרוימען,
זופּט ער, זופּט ער און ער קלערט.

און דערנאָך גלײַך נאָכן פּאָיען
פֿירט מען אָפּ דאָס פֿערד אין שטאַל,
קוקט עס אַפֿן הימל בלויען
און עס טראַכט פֿון וואַסערפֿאַל.

קוקט עס גלאַט אַרויס אין דרויסן,
טרײַבט די פֿליגן פֿון זײַן פֿעל,
הערט זיך צו צום מינדסטן רוישן,
וואָס עס טראָגט זיך פֿונעם פֿעלד.

קוקט זיך צו און הערט זיך אײַנעט,
ווערט מען לאָזן רויִק שטיין?
אָדער, ווען די זון צעשײַנט זיך,
דאַרף מען גלײַך אין שלאַכט שוין גיין?

און די נאָזלעכער צענומען,
ס׳אָטעמט צו דער בויך צום טאַקט,
דוכט זיך אים: עס יאָגט אַרומעט
ערגעץ אַף אַ ווײַטן טראַקט.

דוכט זיך אים: עס טראָגט זיך ווײַטער
אַף אַ שלאַכט־פּעלד אין גאַלאָפּ,
און עס פֿילט דעם פֿעסטן רײַטער,
וואָס היט פֿון טויט אים איצטער אָפּ.

און דער רײַטער האַלט די צוימען,
פֿירט פֿאָרויס זײַן שלאַנקן פֿערד.
און עס יאָגן מיט די ביימער
אַף דער פֿרילינגדיקער ערד.

(?) 1931 — 1932

* * *

עס בילן די הינט אין איספאסקע,
די קעפ אין די טויערס פארוקט.
איך גיי מיטן טראקט, וואָס פירט קיין ווארשע,
אף זײַן הארטן, שטיינערנעם ברוק...

די אײַזנדלעך הילכיק, ווי שפּאָרן,
קלינגען אין לופט פארשײַט.
עס דערמאָנט זיך מיר: מעם מויכער־ספאָרים,
וואָס איז דאָ געבאָרן ניט ווײַט.

דער קאפוליער גראָוער זאָקן
וואָלט א טרייסל געטאָן מיט זײַן באָרד:
ווי לאָזט מען זיך גיין אָן א פלאָקן
אין אזא־אָ הינטישן אָרט...

און די הינט — זיי בילן, ווי שטענדיק,
אף יעדן, וואָס גייט פארבײַ.
עס איז נאָך ביז הײַנט ניט געענדערט
זייער בייזע בילערײַ...

די שטאָט בלײַבט אהינטער און ווײַטער,
שווימט אָפּ אין טיף פון דער נאכט.
ווײַזט זיך מיר אויס, אז א רײַטער
יאָגט צו דער גרענעץ־וואך...

דוכט זיך מיר אויס מײַן קאָמבאַטר —
דער סיבירער פּאַרטיזאַן,
ט׳זיך געלאָזן אזוי מיטן טראַקט דאָ
אהינצו אין יענעם לאַנד...

און ס׳רוישט דער האָבער און גערשטן
פונעם ווינט און די שטערן באַרירט.
גלײַך עס גייט די וועלט איצט באַהערשן
א דיקטער און קאָמאַנדיר...

און ס׳בילן די הינט אין איספּאַסקע
באַנאַכט, אזייגער דרײַ.
פונעם טראַקט, וואָס פירט קיין ווארשע,
גיי איך אָפּ אָן א זײַט און פאַרבײַ.

איך גיי צום באַלאָדענעם שײַער,
ווו ס׳שמעקט מיט שווייס און מיט היי,
און דער לעוואָנעס געלער פײַער
ברעקלט זיך אפן שאָסיי...

אווגוסט 1932

* * *

ווער עס קען ניט טרעפן — זאָל זיך לענגער איבן,
ווער עס קען ניט טרעפן — זאָל זיך צילן מער,
אָט אזוי באשטימט דאָ און אזוי געבליבן,
ס'טאָר קיין קויל ניט פליִען מיט א רויך אין דר'ערד.

מיר האָבן זיך צעלייגט דאָ אין א טאָל א טיפן,
אָפּגעציילט באזונדער הונדערט פופציק טריט.
ס'בלאנקט די ביקס אזוי, ווי אָפּגעשליפן,
ס'בלאנקט די ביקס אצינד, ווי קיינמאָל ניט...

דער ערשטער שאָס גיט א צופּ דײַן אקסל,
א ציטער פלינקער נעמט דײַן לײַב אדורך.
ליג אף דר'ערד — אזוי ווי אײַנגעוואקסן,
ליג, ווי אײַנגעוואקסן — זאָל נעמען דיך דער רו'ך!

דאָס לינקע אויג פארמאכט. א ציל זיך אין מישען.
א קנאל, א רויך, וועסט גאָרנישט ניט דערזען.
מיר ארטילעריסטן מוזן אויכעט וויסן,
וויאזוי אין סוינע פון א ביקס צו שיסן...

1931

## צום ארויסלאָז

אוּן נאָך א טאָג — מיר וועלן זיך צעפאָרן אלע
ווידער צו דער בויוּנג פונעם גרויסן ראטנלאנד.
די לידער אונדזערע וועלן דעם וועג באשטראלן
און ס'וועט אונדז צוזינגען די הוידעניש פון באן...

אין גרויען הארבסט מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן,
אין רייען רויטארמייִשע מיט ליבע איַינגעשמידט.
כאווירים אלע — פון מיַירעוו, דאָרעם און פון צאָפן,
כאווירים אלע — א רוס, א טאָטער און א ייִד.

אין שפעטע נעכט די פלוצלונגע אליארמען,
דער פלינקער ריס אין פינצטערניש אריַין,
די טעג געמיינזאמע אין דער דריַישטאָקיקער קאזארמע,
דעזשורסטוועס נאכטיקע, פרימאָרגנדיקע שיַין.

דער קלאָרער פלאן פונעם אנטשיידנדיקן דריטן,
אנטקעגנדיקער דרייסטער פון רויטארמייער־זין,
און ס'האָט אין יאָר אונדז אויך ניט אויסגעמיטן
די שטרענגע האנט פון פעסטער דיסציפּלין...

מיר וועלן זיך דערמאָנען אָט דעם פארשנייטן ווינטער,
דעם מעטאל דעם קאלטן, ווען הענט האָבן געפרירט.
די ארבעט שטענדיקע, די פרייד אצינדער
פון טראָגן הייך דעם נאָמען — רויטער קאָמאנדיר.

15 אָקטיאבער 1932

* * *

אָט אזוי — מיר טראָגן זיך, מײַן ליבער,
מעג דער וועג ווי זײַן פארשטעלט.
אויב א הארמאט — איז פון דעם מעכטיקסטן
קאליבער!
אויב א לעבן — איז אדורך זאָל עס די וועלט!..

פאָרסטו אום אזוי און וואנדערסט,
ס׳באגלייט פרימאָרגנדיקער טוי,
ביז דו קומסט קיין אלעקסאנדראָווסק
און פון דאָרט קיין דניעפּרבוי.

און די וואסער־קאמען רוישן
און דער וואסער־דראנג יאָגט אָן,
קוקסט זיך אײַנעט, ווי עס טוישט זיך
וואסער אף עלעקטרע־שטראָם.

און די אווגוסט־זון צעשײַנט זיך,
און דער גרינער סטעפּ צעקוועלט.
דאָס יאָר דאָס שווערע פון אוקרײַנע
ווישט איצט אָפּ דאָס פּעטע פעלד.

טראָגט דער צוג דיך אפן צאָפן,
דער סטעפּ איז אָפּגעשניטן גלאט
און עס פרייט דײַן אויג דײַן אָפּנס,
וואָס דאָס לאנד וועט ווערן זאט.

און עס פרייט דײַן אויג דײַן אָפּנס
און דײַן פּאָנעם ווערט באַשטראַלט,
באַם ווײַסן יאַם איצט אַפּן צאָפּן
ווערט פאַרענדיקט דער קאַנאַל.

שטענדיק קאָסטן מענטשן־לעבנס
יעדער נײַער, ווײַטער קער.
ווען מען ס'איז אַ סאַך געגעבן,
פון יענעם ווערט געפאָדערט מער!

איז געטראָגן זיך אַפּסנײַ, מײַן ליבער,
מעג דער וועג ווי זײַן פאַרשטעלט.
אויב אַ האַרמאַט — איז פון דעם מעכטיקסטן קאַליבער!
אויב אַ לעבן — איז אַדורך זאָל עס די וועלט!..

אווגוסט 1933

* * *

איך ווייס ניט, ווי מע רופט דיך,
נאָר דו ביסט מיר געפעלן:
עס לאכן אזוי הילכיק
דײַנע ביינערנע קארעלן.

אויגן האָסטו בלויע
אין קוועלנדיקן פּאָנעם,
און דײַן מויל דײַן אָפּנס
קושן נאָר מע קאָן אים.

און די האָר די בלאָנדע
אזש פון קאָסטראָמא —
לאכסטו און דערציילסטו,
ביסט אזא מין און אזא.

פארנעמסט א הויכן פּאָסטן
אין א סאָוועטישן אנשטאלט —
און דאָס איז דײַן אנקעטע,
און דאָס איז דײַן געהאלט.

איך פרעג ניט קיין אנקעטעס,
קוק זיך בעסער צו,
ווי אונטער דער לעוואָנע
ווערט מען גלײַך אף דו...

שיט זיך א געלעכטער...
אזא ליבער לאך
טרעפט זיך מערניט איינמאָל
אין א קרימער נאכט.

איך ווייס ניט, ווי מע רופט דיך.
נאָר דו ביסט מיר געפעלן,
לאכן אזוי הילכיק
דײַנע ביינערנע קארעלן.

1934

* * *

א פרילינג־נאַכט נעמט מיך אַזוי אַדורך
און ציט דעם קאָפּ מײַנעם אין ערגעץ זיך פאַרבויגן.
איך האָב זיך איצט פאַרבענקט —
זאָל נעמען מיך דער רוח —
נאָך בלויעם בלענד פון קײַלעכיקע אויגן.

און דער בלויער בלענד איז אָפּגעשווומען ווײַט,
אין אַן אַנדער שטאָט אויף שטאָקן זיך פאַרקליבן,
דוכט זיך אויס — איך שטיי דאָ בײַ דער זײַט,
טראָג צו אַ שוועבעלע איר צו די ליפּן.

עס גייט געלאָסן דער רויך פון פּאַפּיראָס,
זי גיט אַ ציִ מיר, ווי אַמאָל בײַם ברילִיק.
מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אַ מאָסקווער פראָסט,
און הײַנט איז צאָפּנדיקער פרילינג.

די ווערטער קלינגען אָפּעט טרוקן־האַרט
און ס'נעמט אַדורך אַ פריזיאָריקער ציטער,
די שטאָט הייסט איצטער לענינגראַד,
אין דרײַ־און־צוואַנציקסטן געהייסן האָט זי פּיטער.

כ'שטיי אָנגעשפּאַרט אָן אַ הויכער וואַנט.
אונטער די פיס נײַ־אויסגעלייגטער קלינקער.
איך האַלט די גאַנצע צײַט אַ שוועבעלע אין האַנט,
אַ פּאַפּיראָס אַ פאַרלאָשענעם אין מײַנע פינגער.

1932

* * *

איך האָב זיך אָפּגענאַרט...
איך בין געווען צופֿיל צאַרט
און האָב אומזיסט, דאַכט זיך, געוואַרט
און מעג זיך ווײַטער רירן...

דער זייגער איז שוין עלף און מער,
און כ׳גיב באַ זיך אַזוי אַ קלער:
זי וועט ניט קומען דאָך אַהער,
זי וועט מיך אונטערפֿירן.

צי זי איז אַלץ נאָך אין אַנשטאַלט,
אָדער עמעץ אונטער האַנט זי האַלט,
און וויפֿל איז מען עס איצטיגנס אַלט
אויף ליבעס נאָך צו פֿירן.

און ס׳ווערט פֿאַר מיר אינגאַנצן קלאָר
און כ׳גיב זיך פֿעסט אַזוי אַ וואָרט:
אויף אָט דער גאַס, אויף אָט דעם אָרט
קיין ליבעס ניט פֿאַרפֿירן.

איך האָב זיך, דאַכט זיך, אָפּגענאַרט,
איך בין געווען צופֿיל צאַרט
און שטיי נאָך אַלץ אָבער און וואַרט
און קען זיך פֿאָרט ניט רירן.

1924 (?)

* * *

ס׳איז קענטיק, פרײַנט מײַנער, אזא געזעץ —
מיר ווערן עלטער — און פרווו דאָ עפעס העלפן!
דער נײַער פרילינג האָט זיך אויך שוין אָפגעזעצט
און הינטער שטאָט אוועק אין ווײַטע וועלטן.

הײַנטיקס יאָר ס׳טו דײַניקעס דערגרייכט
און פאר דער צײַט נאָך דעם פארזיי פארענדיקט,
און ס׳איז דיר א שאָדן איצטער אויך,
וואָס אָט דער פרילינג איז אוועק ווי שטענדיק.

אין שווערקײַט בײַקומען ליגט עפעס אזוינס,
וואָס וואַרעמט דיך און פירט דיך ווײַטער, ווײַטער,
אזוי פון טאָג צו טאָג מיר ווערן צוגעוווינט
די שטרעקעס נעמען, ווי א גוטער רײַטער.

דו שטעלסט זיך אויף און קוקסט זיך ווידער אום,
די פריי־פארזייטע פעלדער דײַנע גרינען —
ווי קלאָר עס איז אין יון די זומער־זון,
אזוי איז קלאָר בא דיר דײַן וואכער זינען.

און טרעטסט ניט אָפ קיין שפאן פון אָט דער ערד,
עלטער מיט א יאָר — איז מיט א יאָר געניטער.
דו גייסט און ס׳דוכט זיך דיר, דו הערסט,
עס זינגען נאָענט שוין געזונטע שניטער.

די גערעטעניש איז אױף די פּעלדער אָפּגעזעצט,
און ס׳שטייען אָנגעגרייט צום שניט די רעדער.
אויב קענסט ניט בייַקומען דעם אייביקן געזעץ,
איז בייַקומען די צייַט מוז קענען יעדער.

יון 1933

## אכרײַעס

װאָס שפּעטער די שאָ, אַלץ גרעסער איז דאָ די אכרײַעס
צו טראָגן דײַן לעבן אין שווינדיקן לויף פון דער ערד,
עס מאָנען די טעג בא דעם ווער נאָר טרײַ איז,
ניט רוען קיין רעגע און צאָלן זײַן מענטשלעכן ווערט...

פון פארווייעטן לאנד, פון פארוואָרפענע שטרעקעס
א פארבלוטיקטע יוגנט מיר האָבן אהערצו געבראכט.
לויכטן אויף קוילן, דערמאָנען זיך רעגנס,
צינדט זיך אָן מיטאמאָל יעדער געוווּנענע שלאכט:

ווי ס׳טראָגט אונדז ארום נאָך דער וועג דער פארדרייטער,
עס טרייסלט און וויגט א קאלטער וואגאָן.
אָט ערשט פון די שלאכטן און ווידער גרייט שוין,
א לעבן א נײַעם מיר הייבן דאָ אָן...

מיר קנײַפּן דאָס ברויט און שלינגען דעם ווארעמען ביסן,
מיר שלעפּן דעם הערינג פאר זײַן געזאלצענעם עק,
די בגאָדים אף אונדז נאָך צעפליקט און צעריסן,
מיט קיין זויבערן העמד אונדזער לײַב ניט פארדעקט...

א זאק אף דער פּלייצע, זיך צעשיידט און צעפאָרן,
א צעבראָכענער צוג ברענגט אין מאָסקווע־שטאָט,
ווי ס׳שיילט די בעריאָזע די ווײַס־פרישע קאָרע,
שיילט זיך אויסעט די יוגנט מיט יעטווידער טראָט.

אונדזערע לעבנס האָט דער שלאַכט ניט פאַרטיליקט,
שטעלן אוף אפדאַסניי מיר דאָס כאַרעווע לאַנד,
מיר טראָגן א טשוב אונטער פאַרשמאָלצענעם ברילִיק
און ביכער א פאַק אין פאַרוווּנדעטער האַנט...

דורך טאָג און דורך נאַכט זיך ווידער געלערנט,
דער שטאָטישער הימל איז מיט שטערן ניט זאַט.
איבער אונדז האָט געלויכטן דער פינפשפּיציקער שטערן
פון זאַל דעם קאָלאָנעם און מאָסקווער ראַט.

אין פאַרווייעטן לאַנד, אין פאַרוואָרפענע העקן
מע האָט אונדז דערנאָכדעם אף אַרבעט צעשיקט.
לויכטן אופעט אין וועג די פאַרגאַנגענע רעגעס
„יוגנט, יוגנט, ווילדער בריק״...

און ס׳רינען פאַרביי דורך יענע האַרבסטיקע טראָפּנס,
דאָס פאַרלאָפענע לעבן, וואָס ביז בלוט האָט געגרירט,
עס גייט ניט קיין שלאַכט מער פאַר די פּערעקאָפּן,
א שלאַכט גייט א נייער אַרום יעדן קאָלווירט...

און אָנגעשטרענגט ביסטו ביז קורצזיכט פון אויגן,
ס׳איז אָנשטרענגונג איצטער דיין ערשטער באַדינג,
און רייף ווערט נאָך מערער דער מעכטיקער גלויבן,
אַז טראָגן אכרייעס איז קיינמאָל ניט גרינג.

1933

## מאיאקאָווסקין

איר זײַנט אוועק —
וויַ איר אליין דערציילט —
אין גאָר אַן אנדער וועלט.
דאָס בלוטיק הארץ
מיט קאלטן בלײַ פאריגלט,
און מער וועט איר ניט שטיין שוין אפן שוועל
פון דעם געבײַ,
וווּ ס׳ליגן אײַערע נאָך
פרישע ציגל...

צוואנציק יאָר!
א ליכטיקער סאכאקל,
עס לייגט זיך וואָרט און טאט,
ווי טראָפּ נאָך טראָפּ.

אין גאָרער הויך
געגעבן זיך א וואקל,
אף א רעגעלע
א פאל געטאָן אראָפּ

און זיך אליין פון אונדז אוועקגערויבט.
א רויב אזא
איז דאָ אין לעבן איין מאָל.

אויב עמעצן אַ צווייטן
וואָלט עס זײַן דערלויבט,
איז אײַך עס ניט דערלויבט געוועזן קיינמאָל...

איר דאַרפֿט עס ניט,
דאָס קעלעכל
פֿון לירישן באַוויינען,
ווי איר דאַרפֿט שוין ניט
דעם שטורעם
און דעם ווינט.

איר האָט ליב אַ וואָרט,
וואָס ברעכן זאָל געשטיינען,
אַ וואָרט אַזאַ,
וואָלט איר אַליין געזאָגט אַצינד...

די לעצטע רעגע,
ווער וועט אונדז דאָ לייזן?
אַ לעבן שפּרײַזט אַדורך
אין רום און ראַש.

איר האָט געבראַכט צו אונדז
פֿון מרידע און דערלייזונג
און אָפּגעגעבן זיך
אויף ווערן נאָר
אַ הויפֿן אַש...

איז גרויס דער פֿאַרדראָס,
טוט אונדז טויזנט מאָל באַנק,
אַוועק
און פֿאַרפֿאַלן
אין האַסטיקן ריס.

זאָל אײַך א דענקמאָל זײַן —
ווי איר'ט אליין פארלאנגט —
די קומענדיקע טעג פון קאָמוניזם...

16 אפרעל 1930

## און ס'איז ווײַט שוין פון דיר

און ס'איז ווײַט שוין פון דיר
דער צעוואקסענער פארק,
און ס'איז ווײַט שוין דער יאם
און אײַ־פעטרי דער בארג,

און אליין ביסטו ווײַט
און דו קוקסט זיך ניט אום
אף דער ריי קיפאריסן
אונטער דער קרימער זון.

עס כליופעט א רעגן
אין מאָסקווע־שטאָט
און שרײַסט אויס אינדערהייך:
אײַ א שאָד, אײַ א שאָד,

וואָס ביסט ווײַט שוין פארפאָרן
און ס'איז ווײַט שוין פון דיר
די כוואליע פון יאם
און דער ברעגיקער זשוויר.

אזוי קומסטו אראָפּ
אין א נאסן באגין,
פונווײַטן ווארט רויִק
אן אווטאָ־מאשין.

דײַן פרוי דײַן באַקאַנטע
זעצט זיך אַוועק לעבן מאַן,
און דו זעגנסט זיך אָפּ
מיטן ראָשיקן באַן,

און ביסט דאַנקבאַר אין האַרצן
און ביסט טיף נאָך געריירט,
וואָס זיי פֿירן דיך צו
צו אַ כאַוועריס אַ טיר —

און שעם זיך ניט, פֿרײַנט,
דו בלײַבסט שטיין אויפֿגערעגט,
ווען עס יאָגט די מאַשין
הינטער דיר גלײַך אַוועק.

דערנאָך קומסטו אין געסט
און מע זיצט זאַלבעדריט:
דײַן באַקאַנטע, איר מאַן
און דו אינדערמיט.

ער קוקט ניט פֿאַרוווּנדערט,
ער קוקט העפֿלעך דיך אָן,
דער הויכער, דער שוואַרצער
סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם.

און ער גיט נאָך אַ שפּאַס
אַזוי אָפֿן און קלאָר:
גוט איז אַ כאַווער אַ פֿרוי
אַ קײַלעכדיק יאָר,

ווען דאַרפֿסט אויספֿילן פּינקטלעך
דעם יאָריקן פּלאַן
און פֿאָרן דערצו נאָך
פֿאַרטאָג צום באַן...

און ס׳איז ווײַט שוין פון דיר
דער צעוואַקסענער פּאַרק,
און ס׳איז ווײַט שוין דער יאַם
און אײַ־פּעטרי דער באַרג.

און ווידער שוין שטייסטו
אַזוי דאָ פאַרבענקט
נאָך לידער, נאָך אַרבעט,
נאָך ווײַסרוסלאַנד, דײַן היים.

ביסט ווײַט שוין פאַרפאָרן
און ס׳איז ווײַט שוין פון דאַן
דײַן פרוי דײַן באַקאַנטע
און די כוואַליע פון יאַם.

קוקסט אין פענצטער אַרויס
און דו זאָגסט צו זיך: פרײַנט,
זאָל דיך פירן דער צוג,
עס קען אַנדערש ניט זײַן!

1929

## אין בלוט פון לײַב

אין בלוט פון לײַב איז מיר פאַרבליבן
שטורעם העלער פון צעלאָזטער ערד,
ווי זאָל איך ווײנען, ווי זאָל איך ליבן,
הײַנט דאַרף מען אַנדערש, און אַנדערש איז שווער.

ווײַסער שנײ האָט יאָרן דאָ פאַרדעקט,
און יאָרן וועלן זיך צוריק ניט קערן...
כ׳דאַרף ניט וויסן פאָרויס מײַן וועג,
מײַן בלוט מײַן טריפּנדיקס וועט אים דערהערן.

איך ליב אַף מויל אַ העלן שמייכל,
אויך נאָענט, ליב מיר ברודערס אַ געוויין...
דערפאַר פאַר פרעמדע איז מײַן וועג באַצייכנט
מיט בלויקײַט טונקעלער: „ער בענקט".

צו ווײַסער רו וועט ווער מיך ניט פאַרפירן,
בלוט פון לײַב איז שטענדיק אַף דער וואַך,
אַלעמאָל וועט דערקענען מײַנע טירן
די פרייד די העלע, וואָס קומט דורך נאַכט...

כ׳ווייס ניט, וואָס אין טיף באַהאַלטן אַלע,
ווי יעדן גרינג איז קומען און פאַרגיין.
אַף מיר, זאָגט מען, איז שטילער ווי געפאַלן
און עלטער בין איך פון זיך אַליין...

שעם איך זיך פאַר בלי פון מײַנע אויגן,
מײַן אייגן הארץ ווערט אָפּט מיר פרעמד...
ווי אלע יונגע טראָג איך דאָך מײַן גלויבן
מיט בלוט פארשניטן און צו שײַן געוועגדט...

1924

# א בריוו צו איינעם א רעדאקטאָר
# א ראפּישן קריטיקער

טײַערער כאוועער רעדאקטאָר!
איר זײַט זייער פארנומען,
איר זײַנט איבערגעלאָדן
מיט ארבעטן טויזנט
און אלערליי,
און ס׳איז מיר דעריבער
א שרעקלעכער שאָדן
אָפּרײַסן בא אײַך
א מינוט אָדער צוויי...

איך בין, דאכט זיך, מיט אײַך
ניט געווען גאָר צעקריגט,
נאָר מיר לעבן דאָך פאָרט
ניט בעשאָלעם.

א מאָלער נעמט
פון לעבן א שטיק
אף לײַוונט אף ריינעם
פארמאָלן...

און מיר שרײַבן לידער,
זוכן ס׳פּאסיקע וואָרט,
טרעפן אהין,
וווּ מיר צילן.

זײַן זאָל דאָס וואָרט
אי לויטער, אי קלאָר,
אי אונטערגעוואָרפן
דעם אייגענעם ווילן,

זײַן זאָל דאָס וואָרט
ווילעט און שארף,
ווי א רויטארמייִשע
ווענדונג.

און ניט גיין זאָל באזונדער
דער קאָפּ פונעם הארץ,
נאָר אין ריי
און אינײנעם שטענדיק...

און איר נעמט א שורע
אזוי ווי זי גייט
און איר גיט זיך א זאָג:

ס׳איז א ביסעלע טונקל,
עס פעלט איר נאָך אלץ
די געהעריקע פרייד
אין אומקלאָרקײַט איז זי פארזונקען.

און איר גיט א געשריי:
קלאָרט אויס דעם געמיט,
דאָס און יענץ
דארף מען טייקעף פאריכטן.

נו, ווו האָט איר געזען,
מע זאָל שנײַדן אף שורעס א ליד
און לויט דעם־אָ
שאצן דעם דיכטער...

אונדזער לאַנד איז איצט וואַך,
אונדזער לאַנד איז איצט אויף
באַ די גרענעצן ווײַטע
פון אָקעאַן דעם גרויסן,

און מיר ביידע מיט אײַך
זײַנען גרייט צו דעם רוף
ארויסגיין די ערשטע
מיטן ביקס אויף די פּלייצעס.

אַ ליד טרעפט אַהין,
וווּ זי צילט,
און אויך אַלעמאָל
ווײַטער אַ ביסל,

און עס שרעקט אונדז ניט קיינמאָל
אָט דער נאָענטער געפיל
פון ווערן אין שלאַכט
מיטגעריסן...

מיר זײַנען וואַכזאַם מיט אײַך
און עס דראָעט די ערד
פונעם קריג,
וואָס קען אויסברעכן
הײַנט אָדער מאָרגן.

אונדזער פּען,
אונדזער ביקס,
אונדזער אָפענע שווערד
וועט דאָס וואָרט
דאָס געהעריקע זאָגן.

איר זײַט זײער פֿאָרנומען,
איר זײַט איבערגעלאָדן
מיט ארבעטן טויזנט
און אלערליי,

טאָ פֿארצײַעט מיר כאָווער,
כ׳האָב פֿארשאפֿן אײַך שאָדן
און בא אײַך אָפּגערויבט
א מינוט אָדער צוויי.

מארט 1932

*    *    *

קאלט איז פרילינג אין מײַן שטרענגן צאָפן,
נעכט פארגייען דאָ אין ווײַסער ליכט...
שפּעטע גאסן שטייען ברייט און אָפן,
גיי איך אום און זינג אליין צו זיך...

איבער אלע דעכער טריפן ווײַסע נײַסן,
שטאָט איז קלאָר אזוי, דין און ניט בארירט...
גיי איך אום אָט־דאָ א ליכטיק־ווײַסער
און ס'זינגט דער פרילינג איבער מיר...

הויכער הימל וויקלט זיך פאנאנדער,
שטאָט איז ווייך, ווי מיידלס בלאָנדע האָר...
איך אליין וואקס אויס עפּעס אן אנדערער,
א הויכער, ווײַסער און א שטילער גאָר...

1924

* * *

פאַלט אַ שניי — איז ליכטיקער אין דרויסן,
ריר זיך אָן — און נעם אַרום די ערד.
נעכט אַזעלכע זײַנען שטיל פון רוישן,
ווי אַף שליטוועג פליִענדיקע פערד...

כ׳קען מײַן אויג פון ווײַסקײַט ניט באַהאַלטן,
ווען דער שניי דער ציטערדיקער פאַלט...
העלע לופט קושט אויס אין קאַלטן
מײַן פרישן, לויטערן געשטאַלט...

1924

* * *

בא שיַין פון פרי איז פריש אזוי מיַין ליַיב
און קאלטע וואסער איז גוט אף זיך צו גיסן...
בא שיַין פון פרי, ווען קאלטע בלויקיַיט שוויַיגט,
טראָג איך דער ערשטער אף גאסן גריסן...

אף שטילע שפיצן שפילט דער האָריזאָנט
און זון גייט אוף אף זיי אין רויטן שטיַיגן...
אלעמען אצינד וואָלט איך צעקושט פון נאָ׳נט,
אלעמען געהייסן מער ניט שוויַיגן...

נאכט איז טיף, נאכט איז שוין אוועק,
און פריִע גאסן זיַינען ליכטיק אלע...
טראָגט מיך אום א לויטערן דער וועג
אין שניי און שיַין, אין זון און שטראלן...

1924

# אף ארבעט

אין ווײַסן שניי מײַן טראָט בלײַבט העל,
הימל קאלטער שוין מיט בלוי באלויכטן...
אצינד קומט אוף פרימאָרגנדיקע וועלט
מיט ערשטן רויש און ווײַסע רויכן...

אף פריזע גאסן זײַנען רעלסן שארף,
טראמווייַען לויפן דורך מיט לעשנדיקע שויבן.
צו א שטאָק א ווײַטן פיר איך אָפּ מײַן הארץ
אין יעדן בליק פון מײַנע שווארצע אויגן...

א קלונג א הילכיקער נעמט אוף מײַן פרייד,
ליכט און רויש איז דאָ ווי שטענדיק ווידער.
נאָר אלעמאָל פונדאנען מיך באגלייט
א קילע מידקײַט אין די גלידער...

און גיי איך שוין צוריק — איז שפעטער אָוונט,
גאסן מאָסקווער געצונדן שוין אין ליכט...
טרעף איך מענטשן — ווערן אלע נאָענט,
יעדן איינעם וואָלט איך צורופן צו זיך...

1924

* * *

פּאַרציט שוין מידע גאַס א טונקעלן פּאָרויכעס
אף הײַזער, אויסגעפּארבט אין שאָטנס ברוין,
און ס׳שווימט ארויס א וועלט פון צווישן ביימער מאַט
און קושט די ברעגן פון פּאָרהאנקעס שוין...

און הימל כיילעוודיקער הענגט אף טאמעוואטער טורמע־וואנט
מיט קנייטשן שטערן פון א גרײַזן זאָקן —
און איך גאנווע, גאנווע שטום א קומענדיקע נאכט,
און כ׳שטרעק אין ציטערניש מײַן ציטערדיקע האנט...

1922

* * *

אין שאָען מי מײַן טאָג האָט זיך געענדיקט,
נאָך מי פון טאָג טראָגט מיך א געשריי.
ראש און טומל איז אף גאס, ווי שטענדיק,
קאלטער פראָסט און רייצנדיקער שניי...

שטאָט איז הייך און ווײַט אריבער שטאָקן —
שטאָט פארגייט אין גרויקײַט צו דער נאכט.
ווײַס צעצינדן זיך לאמטערנס אף די ראָגן
מיט פײַערס שארפע, ווי א שטרענגע וואך...

איז גוט נאָך מי אין ווײַסער נאכט פארזינקען —
אין קלאָרער ליכט זאָל וויגן זיך מײַן קאָפּ.
מיט פולן אָטעם לאָזן זיך און טרינקען
פראָסט און שניי פאר א גאנצן טאָג...

1924

* * *

אויב איַיך געפעלן ניט די מינסקער געסלעך,
איז ווי איר ווילט זיך — ס׳איז איַיער זאך.
כ׳האָב ליב אמאָל, ווען די לעוואָנע פארגעסט זיך
און שפרייט זיך אויס אף א צעבראָכענעם דאך.

עס וויַיזט זיך גליַיך א שווארצער קאָטער,
און באלד נאָך אים א וויַיסע קאץ,
אוןביידע פליִען אָן אן אָטעם
צו זייער איַינגעזעסענעם פלאץ.

די פענצטער אין הויף זיַינען אָפן,
און מע זינגט דאָרט ארויס אינדערשטיל
פון א מיידלס פארלאָרענער האָפענונג,
וואָס רופט איצט איר מאמען צוהילף.

עס גיסט זיך דער ווייכער ניגון
פון פענצטער אין פענצטער אריַין,
און דער געקאלכטער פלאנקען וויגט זיך
אין דער לעוואָנעס קלאָרער שיַין.

צוועלף אזייגער, א ביסעלע שפעטער
מע קערט זיך פון קינאָ אהיים,
מע שטייט באם טויער, מע רעדט זיך
און מע וויל נאָך אין שטוב ניט גיין.

מע דערציילט די נײַסן די לעצטע
פון שיף טשעליוסקין, פון א פליִער א העלד,
און יעדער איינער איז גרייט זיך זעצן
און פליִען אף עק וועלט...

אָט דער געלער, צעבראָכענער טויער,
ווען אלט איז מען אכצן יאָר,
פארליבט איז מען פלאמעדיק זייער
און מע גלעט מיט די פינגער די האָר,

דערנאָך קלאפּט מען אהיים אין די לאָדן,
און עס שרײַט א טאטע פון בעט:
מיר געפעלט ניט, טאָכטער, די מאָדע
קומען אלע נאכט אזוי שפּעט...

אָט די לעצטע פארבליבענע געסלעך
מיט גאניקעס פון גרויען האָלץ.
אנטשולדיקט, כ׳האָב נאָך אײַך ניט פארגעסן,
נאָר פארגעסן קאָן מען אלעמאָל!..

1934

* * *

פֿאַרשאָרן מײַן שוועסטער די האָר,
און א שפּרונג, ווי א זאנג נאָך א רעגן.
מײַן שוועסטער — א קינד פון איר דאָר —
א פרייד אף צעעפנטע וועגן...

איר קאָפּ מיט פארשנייעטע צוגן
נאָך רוסישן פעלד אוועק,
אויגן שווארצע און יונגע
זאָלן הענגען אף שארף פון שווערד...

האָט זי רוף פון צעשויבערטע ווינטן,
ווי קלונג אין נאכט דערהערט.
זײַנען טריט, ווי געצונדענע שינדלען,
ארוף אף רויש פון ערד...

און אונטער בלוי פון ווײַטע שטערן
איז איר ליב דאָס באטראָטענע אָרט.
אף קיינמאָל צוריק זיך ניט קערן
האָט פארשאָרן מײַן שוועסטער די האָר...

1924

# אלטע היים

אלטע היים איז אין טונקל פאַרשטעלט,
ווי שויב הינטער צודעק פון לאָדן,
איר אַרט ניט — וואָס ערגעץ אַ וועלט
ליגט מיט ביקס אַף האַרצן באַלאָדן.

איר אַרט ניט, וואָס העלע שײַן
ווערט העלער און ווערט מיר ליבער,
וואָס שטאָט און גאַס, ווי רויטער ווײַן,
גליטשן זיך אַף קעפּ אַריבער...

אַלטע היים איז פֿויל און שלעפּערדיק
און ציט צום צענטן אַ גוטע נאַכט,
נאָר איך — איך בין שוין מער ניט שעמעוודיק,
ווי יענע שינדלער אַף קרומען דאַך.

ווײַסער זיידע קאָן שוין גאָרניט ווײַזן
זײַן ליבן אייניקל, זײַן יונגן זון,
וואָס איז אַוועק אין שטאָט צום אײַזן,
וואָס איז אַרויס, ווי ערשטער קלונג...

1925

* * *

איך האָב אַ גרוס פון שטעטעלע פון פוילן,
אַ גרוס אַ בייזן מיר די צײַטונג ברענגט,
עמעצנס אַ האַנט האָט ווילד באַפוילן
צוואַנציק מאַן פאַרזעצן אין געפענק...

האַלבע נאַכט — ס׳איז שפּעט געווען, —
זומער, שטערן, אײַנגעשלאָפן...
האָט אַ שאָט געטאָן זיך קאַלך פון ווענט,
און טירן עטלעכע זײַנען געבליבן אָפן...

ווו ביימער־ראַנדן פירן ווײַט אַוועק
צו ווילייע־טײַך מיט די זאַמדן־ברעגן, —
אונטער ביקסן־קלאַנג גייט זייער וועג
אויף גאַרניט ריידן און אויף גאָרניט פרעגן...

אַ סרייפע. ס׳ברענט, אַלע ציִען זיך אַהין,
ס׳קלינגט דער קלויסטער־גלאָק פון שטעטל —
לאָמיר ראַטעווען די יונגע זין,
די זין די יונגע לאָמיר רעטן...

כאַווערים מײַנע, לעם ווילייע־טײַך,
וואָס קען איך זאָגן, וואָס זאָל איך ריידן. —
צוויי שאָ פון מיר איז ביז צו אײַך,
און מיר זײַנען דערווײַלע נאָך אַזוי צעשיידן...

1924

## צעשאָסענע

באנאכט האָבן שטערן ניט געלויכטן,
פון טיפער ווײַט א שגיט האָט זיך געהערט...
הימלען טונקעלע אין רויכן
האָט נידעריק געצויגן צו דער ערד...

געווען איז גאס אין ליידיקײַט צעגאָסן,
קיינער ניט געזוכט האָט דאָ א וועג...
גאס האָט ניט געציילט איצט וויפל שאָסן,
נאָר וויפל נעמען קײַקלען זיך אוועק...

אין שפעטער נאכט א ראָד האָט זיך געצויגן,
א פאס מיט בלוט נאָך זיך געפירט.
א פאס מיט בלוט — א שײַן פון אויגן —
פאר צוגעמאכטע לאָדן, פאר צוגעשפארטער טיר...

דאָ אין ליידיקײַט פון נאכט
וועט קיינער הײַנט פאר בלוט ניט מאָנען,
קיינער האָט אף גאָרנישט ניט געוואַרט
און קיינער וועט די נעמען ניט דערמאָנען...
— — — — — — — — — — — — — — — —

פאראן א לאנד אין שניי און פראָסט,
דאָרט רויטער פלאַץ וועט זיי טרויעריקע ערן,
און ווער פארשאָטן ליגט פון פרעמדן שאָס,
וועט זײַן נאָמען נאָכאמאָל דערהערן...

1924

## אָפּפּאָר

1

אין טיפער נאכט וועט באלד פארגיין
א הימל אָפענער מיט שטערן אלע...
אף ווונדן ווײַסע פון א שטיין,
א שטערן ליכטיקער וועט פאלן...

האלבע נאכט אין וועג געווען איז
מיט רו צעשניטענער אין אומעט.
א צוג מיט זעלנער דארף אוועקגיין
און וועט צוריק ניט קומען...

בלײַבט א וועג אין שטילן ווונדער
מיט פעלדער בלינדע אף צו זען,
אזוי פארלירט ער צען און הונדערט
אף צו זאָגן: ס׳איז געווען.

אף ווונדן ווײַסע פון א שטיין
א שטערן ליכטיקער וועט פאלן.
צו טיפער נאכט וועט באלד פארגיין
א הימל אָפענער מיט שטערן אלע...

2

מײַן וועג האָט געטריפן אין וועלט
אף שארף פון בלוטיקע שטיינער.
א צוג און א רוסישע קעלט
האָט געפירט מיך דורך טעג פון געוויינען...

דאָרט ווײַט צווישן שנייען העלע
האָט נאכט ניט אופגעהערט שיסן,
און לידער פון בלאָנדע זעלנער
מיט טרערן פון פרויען פארמישט דאָרט...

זײַנען זעלנער געזעסן געארעמט,
פארקוקט זיך אף ווײַטע לענדער...
זון האָט אף פענצטער געווארעמט
טראָפּנס פון בלוטיקע העמדער...

האָב איך אין וואגאָנעס געלאָזן
א ווייכע א קינדערשע טרער...
ווען שלאכט האָט אין טיף זיך פארמאָסטן,
אין טיף פון דער רוסישער ערד...

מײַנע טעג האָט א צוג געטריבן
דורך שאָס און דורך ווײ פון געוויינען.
איז אין ערגעץ מײַן וועג דאָרט פארבליבן
מיט בלוט אף שניטן פון שטיינער...

1925

## קיינער וויל ניט

קיינער וויל ניט הערן אָומטיקן קלאנג,
ווען אין שויבן קלאפּט שוין אָן דער טאָג...
זיך אליין דאַרף איך א סאַך נאָך זאָגן,
פרעמדע, וויַטע האָבן מיר שוין אלץ געזאָגט.

מייַן אייגן קאָפּ איך הייב אָן היטן,
אַף אנדערע פאַרלאָזן זיך — גענוג...
א וויַטער ווינטער האָט מיך געזאָלט פאַרשיטן,
פון דעמלט אָן בין איך געוואָרן קלוג...

מיר זייַנען דאָ געוווינט מיט טויזנטער צו ריידן,
שרייַען, ברייַען ביז די וויַסע ציין...
זאָל אָומטיקער פּייַער זיך פאַרשפּרייטן,
שוין צייַט א רעד טאָן מיט זיך אליין.

דאָס לינקע אויג באַ מיר איז שווארצער, גרעסער,
קוק איך ווען־ניט־איז אזוי אַף זיך...
איך וויל ניט, איך וויל גאָרניט קיין בעסערס,
נאָר קענען שרעק פון אייגענעם געזיכט.

עס רוט אַף מיר דער וויינענדיקער שמייכל,
מייַן רויטער אויסגעשריי אין וויַסן פראָסט...
רוסלאנדס ערד האָט אַף מיר פאַרצייכנט
אזא שטילן, לויטערן פאַרדראָס...

שרעק איך זיך פאַר קומענדיקן וואָגל,
פאַר מײַן שטײַגן אין א ווײַטן טאָג...
זיך אליין דארף איך א סאך נאָך זאָגן,
פרעמדע, ווײַטע האָבן מיר שוין אלץ געזאָגט.

1926

## זומערדיקע נאַכט

זומערדיקע נאַכט פֿאַרגייט אין שטילקייט ריינער...
איך וויל הײַנט לאַכן, לאַכן — איך וועל הײַנט וויינען...

ווי רויש פֿון טאָג וואָלט קיינמאָל ניט געווען,
נאָר הויכע שטאָט מיט שײַן אַריבער ווענט...

אויף גאַסן אָפֿענע אַהין און צ׳ריק,
וואָגלען מיידלעך און זוכן פֿרעמדן גליק...

„יונג דו מײַנער, ייִנגל, ווער דו ביסט,
ליבן דאַרף מען שטענדיק, ליבן מוז מען איצט!..״

וועל איך איינע רופֿן, כ׳וועל אַ נאַכט איר גלויבן,
מיטן גלויביק האַרץ און שרײַענדיקע אויגן...

זומערדיקע נאַכט פֿאַרגייט אין שטילקייט ריינער,
וועל איך לאַכן הײַנט און וויינען, וויינען...

1925

# האָט אמאָל מײַן זיידע

האָט אמאָל מײַן זיידע אין א ווילנער שול
אויסגעזונגען זיך און געוואָרן דול...

זינג פאר מיר — נו, האָב אויך א הארץ א פּײַפל —
אזוי ווי זינגסט באנאכט פאר זיך אליין,
ווען זון האָט זיך ביז ערד פארקײַקלט
און וויל טיפער, ווײַטער ניט פארגיין...

מײַנע אויגן אף גאס אוועקגעלייגט,
פיר מיך אָפּ אף נאכטלעגער אהיים...
כ׳האָב אויך א הארץ — א שטילן פּײַפל,
וויין איך אין דער שטיל אפן פארגיין...

מיט קאלטן ליכט איז שטאָט איצט פול,
און ס׳הענגען, וויגן זיך אזעלכע שטערן...
זינג צום לעצט מיר — פון א זיידן, וואָס איז דול,
און פון אן אייניקל, וואָס קאָן נאָך דולער ווערן...

1925

## אויג אף אויג

איך בין ווידער אליין,
אויג אף אויג דאָ מיט זיך,
די ווענט פונעם צימער
ברענגען דערמאָנונג.

איך דערזע מיטאמאָל
מײַן בלייך געזיכט
און די בוכשטאבן פינף
פון מײַן נאָמען.

א צעפאָרענע בעט,
א צעבראָכענער טיש,
ביכער א פּאָר,
און דער צימער איז ליידיק.

זײַטלעך פארלאָזטע
איך נישטער און מיש,
בלײַב שטיין
און בלײַב קוקן
באליידיקט.

כ'האָב געגעבן א וואָרט
ווערן פעסט דאָ און שטײַף,
ניט בייגן זיך מער
פארן לאסט פון געפילן,

אויב מע דארף
איז זיך אליין אויסגעפײַפט,
אין דער אייגענער ליד
זיך פארצילן.

אז אזעלכער ווי איך,
דארף אין מעכטיקן גאנג
זײַן מיט אלעמען גלײַך
ניט אין ווינקל פארקליבן,

אז יעטווידער קלאנג,
ווי א טראָפּעלע בלוט,
זאָל אראָפּרינען ליכטיק
פון מײַנע ליפּן.

קומט א טישל א קליינס,
א צעפּאָרענע בעט
און באָמבלט זיך אום
אין טיף פון זיקאָרן,

און ס׳ווײַזט זיך דיר אויס
דײַן וואָרט, דײַן געבעט
ווערט צערונען אין נאכט
און פארלאָרן.

צעעפנסט די אויגן,
קוקסט אין טונקעלער ווײַט,
ווי עס גיסט זיך דאָס לאנד
אין טויזנטער שטראָמען,

און דו ווייסט שוין געוויס:
ווער ס׳איז ניט מיט דער צײַט,
וועט קיין איינציקן בוכשטאב
ניט לאָזן זײַן נאָמען.

און די נאכט שוין פארשווינדט,
ס׳הייבט אָן זיך דער ראַש,
דאָס לעבן אפסנײַ
ווערט געפירט און געפורעמט,

און ס׳קלינגט איבער דיר
שובערטס ריטמישער מארש
און די ליד
פון פארטיזאנער אמורער...

1932

## נײַ־יאָר

איך ווייס ניט נאָך וואָס און וווּהין
מיך פירן די הימלישע בלויען.
כ׳האָב פארלאָרן מײַן קלאָרקײַט פון זין —
סארא וויסטער ביזאָיען!

איך הער ניט מײַן אייגן געשריי.
מײַן קאָל — גלײַך איך וואָלט עס פארגעסן.
עס ליגט אף דער ערד נאָר א ווײַסינקער שניי,
און די שטערן, די קלאָרע זיך לעשן.

מיר האָבן א נאכט דאָ פארבראכט זאלבעצענט,
היימלעך אזוי זיך צעזעגנט,
וואָרעם געדריקט די נאָענטע הענט
און אוועק אין באזונדערע וועגן.

עס קלאָרט שוין דער הימלישער ראנד,
באלד וועט שטאָט פונעם גליווער זיך רירן.
איך פיל די קעלט פון מײַן ציט׳ריקער האנט,
מײַנע פיס — גלײַך איך וואָלט זיי פארלירן...

ס׳איז א ליכטיקער נײַ־יאָר פארבײַ,
און ס׳צעגייט זיך דער ווײַן אין די גלידער.
און ווי אלע יאָר בענק איך אפסנײַ
נאָך נײַע באקאנטע און לידער.

## מײַן ערשטע ליד

אַז כ׳האָב מײַן ערשטע ליד געבראַכט צום דרוקן,
האָבן אַלע זיך פאַרזאַמלט אָט־אָ־דאָ.
כ׳האָב ניט געוווסט:
צי מעגן מײַנע אויגן קוקן,
צי דאַרף איך שטיין אַזוי אַ גאַנצע שאָ...

אָן אײַזן אײַוועלע מיט רויטע קוילן
האָט הייס דעם צימער אָנגעגליט,
און קיינער האָט מיר ניט געקאָנט דערציילן,
וואָס איך וויל דאָ אין מײַן ליד.

עפּעס אַזוינס האָט זיך פון מיר געריסן,
געוואָלט האָב איך אי נאָך, אי מער.
מײַן יוגנטלעכן טרוים און ליכטיקן געוויסן
אין קליינע שורעלעך געבראַכט אַהער.

אָפּמאָרגן אינדערפרי האָט מען צעקלעפּט די בלעטער,
געלע בויגנס־בלעטער אויף יעדן ראָג.
בין איך צוגעלאָפן צו אַ פרישן „וועקער"
און זיך אַליין געטאָן אַ זאָג:

דאָס ערשטע וואָרט — פאַר אלעמען, פאַר אלע!
דאָס ערשטע וואָרט — פאַר גאסן א גערוס!
און ס׳איז מיר אזא ליכטיקייט באפאלן,
ווי כ׳וואלט נאָרוואָס מײַן נאָמען זיך דערוווּסט.

1929

## ספּאַרטאַקיאַדע

דער גאָרטן איז גרין און זומערדיק ווילד,
עס שמייכלען אונדז פּענעמער ליבלעך און
מילד...

מיר שטעלן זיך אָפּ, מיר קוקן זיך איַין,
עס יאָגן דאָרט רעדער קריַיז אויס און קריַיז
איַין...

פּאַמעלעך,
גערלאַסן,
שאַ,
שטיל.

און האַסטיק
און ראַשיק
צעלאָזט זיך די שפּיל...

קוק אָן, ווי ער יאָגט,
קוק אָן, ווי ער פליט.
אהאַ!
ער דעריאָגט אים,
יאָ!
ניט!

און ס'הייבט זיך,
און שטאַרקט זיך
א הייזעריק קאָל:

— שטייט קיינער ניט אָפּ!
נאָך איין קרײַז!
נאָך איין מאָל!

און ער, דער יונגאַטש,
דער פלינקער און ליבער,
טראָגט זיך
און פליט
און יאָגט אלע אריבער...

ער איז שוין דערפאָרן,
ער שטעלט זיך שוין אָפּ,
א מאַך מיט דער האַנט,
און א שאָקל דעם קאָפּ...

און עס פליעסקען שוין הענט,
און שיקן א גרוס
פון מיר
און פון איר
און פון אלעמען אונדז...

און ווידער געלאסן.
שאַ,
שטיל.
און האַסטיק
און ראַשיק
צעלאָזט זיך די שפּיל.

נאָך א טראָג!
נאָך א יאָג!
נאָך א פּלי!
נאָך א פּאָר!
אף מיר אזא פלינקײַט,
אף אונדז אזא יאָר!..

1928

## שאַך


גאנצן אָוונט, כ׳האָב געשפּילט אין שאָך,
דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן,
פארטראכט זיך ווידער
און נאָך און נאָך...

און הענט צו מיר האָבן זיך געצויגן —
גיי אהין און גיי אהער,
מיט יענער גיי, מיט דער...

אָפּגעשפּילט, פארענדיקט איז די שלאכט!
מיר גייען ביידע, א גוטע נאכט!
עטעמען מיט ווײַסן שניי,
זיך זעטיקן מיט ראָזער שײַן
איך און קעגנער מײַנער,
מײַן כאווער און מײַן פרײַנט.

גיט ער זיך אזוי צו מיר א ווענד:
— האָסט געלייענט הײַנט די רעדע פון קאשען.
האָסטו געוויס דאָס ווערטל דאָרט געטראָפן:
„ווער עס וויים דעם גוטן גאנג, יענער קען נאָך האָפן".

א דינער שניייעלע שיט און שיט,
מיר שפּאנען ביידע מיט קליינע טריט...
און ווידער זאָגט צו מיר מײַן פרײַנט:
עפּעס ביסטו בייז און ברויגעז הײַנט...

דורך ווײַסן שניי,
דורך ראָזער שײַן
איך ענטפער אים אזוי:
— עס טוט מיר זייער וויי און ס'טוט מיר
זייער באנק
פאר מײַן ערשטן שלעכטן גאנג...

1929

## רעמי

געווידמעט דעם מאטש
באָטווינִיק — פלאָר

און ווידער גייען זיי דע צוויי — דע פיר,
און ווידער גייט דאָס פענדעלע צע זיבן,

דו קוקסט פארוווּנדערט אויך אף מיר, —
מע האָט דעם גאנג דעם זעלבן אויסגעקליבן.

עס גייט בא זיי דאָך גלאט און גוט
דער אלעמען באקאנטער שוין דעביוט.

עס האָט קיין פעלער קיינער ניט געמאכט
פון זעקס אינאָוונט ביזקל צען באנאכט.

און איינס דעם צווייטן גיט זײַן האנט א צי:
איך לייג אײַך, קעגנער, פאָר רעמי.

און ס'שטימט אויך צו די שאכמאט־ברעט:
געווינען — איז שוין קענטיק שפעט.

...עס קוקט דער זאל אין אָטעם־גלי,
צי וועט הײַנט ווידער זײַן רעמי.

ס'איז דורכגעטראכט אי גלאט, אי גוט
דער אלעמען באקאנטער שוין דעביוט.

נאָר ס'לויפט א ראש אדורך פארבײַ —
א פעלער איז זשע צוויי — זשע דרײַ.

בא יעדן ז׳אָנגעשטרענגט זײַן בלוט,
עס מעסט דער זייגער יעטווידע מינוט.

און ס׳ווערט דער זאַל אינגאַנצן שטיל,
דער איקער איז די „מיטל שפּיל“.

דער זייגער ציילט, די צײַט יאָגט אָן,
דעם מענטשנס ווילן שטייט אין קאָן.

און ווער ס׳באַמערקט זײַן פעלער שפּעט,
דער לייגט דעם קעניג אַפן ברעט.

און פרעג ניט מער פאַרוואָס און ווי —
ניטאָ אין לעבן קיין רעמי...

17 דעקאַבער 1933

* * *

טרעפט אָפּט — בײַקומען איך קאָן ניט
אונדזער גרויסע שפּאַנענדיקע וואָר —
ווען אַלדאָס נײַס, וואָס הייבט זיך אָנעט
קומט פאַר דײַנע אויגן פאָר.

אָט פליִען דורך אַעראָפּלאַנען,
דיריזשאַבלען שלאַנקע גיבן זיך אַ צי —
דו שטייסט און שרײַסט, דאַכט זיך, פונדאַנען,
און די ווערטער זײַנען ווי ניט פון הי.

עס הערן די טרעגער דיך פון וואַרשע
און די ייִדישע טעקסטילער פון פּאַריזש.
עס דאַכט, אַז ס'לויערט אַ געפאַר שוין,
זאָלסט ניט דערגיין אַזעלכער ווי דו ביסט.

דו שטעלסט זיי אויס די קאָלאָנעס ווערטער,
דײַן פאַרמעגן, וואָס האָסט מיט זיך געבראַכט,
וואָס פאַרא גרויסע נײַסן הערט זיך
אין דײַן צעשאָטענער דיכטערישער שפּראַך.

ניט עמעס, פרײַנט, כ'בין ניט פאַרומערט,
איך וויל גאָרניט פאַרמינערן מײַן ווערט.
זאָג מיר נאָר, צי דריקן אויס די שורעס
כאָטש אַ הונדערטכיילעק פון מײַן ערד?

איך וויל נאָר וואָרענען,
— ווי קום איך גאָר צו שטראָפן —
זיך אליין און מײַנע גוטע פרײַנט,
אז יעדער בעסטע, שענסטע האָפענונג
הייבט זיך שטענדיק אָן פון הײַנט.

דעריבער האָב איך אָנגעהויבן אויכעט
פון איצטער־אָ, פון דער מינוט.
לאָמיר, פרײַנט מײַנער, זאמלען קויכעס,
געדיכט זאָל זײַן דאָס וואָרט, ווי בלוט.

## לאָמיר א ביסעלע לאכן *

לאָמיר א ביסעלע לאכן!
דער שמייכל אף אונדזערע ליפּן
איז פארהילט
און פארשטילט
פון אָנשטרענגונג גרויסער,
פון שטענדיקן וואכן.

לאָמיר א ביסעלע לאכן,
ווײַזן די ווײַסקײַט פון ציינער,
די יוגנט, וואָס רײַסט זיך פון אונדז,
ווי עס רײַסט זיך אין לאנד דאָס עלעקטרישע ליכט.

לאָמיר א ביסעלע לאכן,
ווײַזן די פרישקײַט פון אונדזער געזיכט.

בלאנקט א ווינטער א קלאָרער
און א זויבערע פּראָסטיקײַט שטראלט,
פארן העלדישן ריס
פון פארלאָפענע יאָרן
זאָל לײַכטן אצינד
אונדזער יונגע געשטאלט.

ליגט א שניי דאָ א ווײַסער,
און דער הימל איז קײַלעכדיק־בלוי.

פאַר דער צײַט פֿון פֿאַרהויבענעם אײַזן,
פֿאַר דער צײַט פֿון מאַגניטבוי
לאָמיר אַ לויטערן שמייכל באַווײַזן.

מיר טראָגן אַ מאַסע אױף אונדזערע אַקסלען,
פֿון אונדז קוקט דער ערנסט אַרויס,
אײַן אַרבעט אַרײַן
און מיט אַרבעט פֿאַרוואַקסן,
און ס׳גאַרן נאָך שמייכלען
די ווענט פֿונעם הויז.

מיר לייגן דאָ ציגל נאָך ציגל,
מיר שטײַגן פֿון שטאַפּל צו שטאַפּל,
און דער שמייכל אױף אונדזערע ליפּן
איז פֿאַרהילט
און פֿאַרשטילט
פֿון אָנשטרענגונג גרויסער,
פֿון שטענדיקן וואַכן.
לאָמיר אַ ביסעלע שמייכלען!
לאָמיר אַ ביסעלע לאַכן!

יאַנוואַר 1932

* * *

מיר רוען אָפּ אף זומערדיקן פעלד,
מיר רוען אָפּ אין קאָרן הויכן,
אלץ ארום איז דאָ א בלויער שוועל,
אריבערטרעטן קוים אף עפּעס צו דערגרייכן...

ווייכע קלאָרע, אווגוסטדיקע לופט,
זויבער־דין זיך איבער אונדז פארצויגן,
און עס מאָנט אצינד און רופט
דער מילדער בליק פון אָוונטיקע אויגן...

ארום, ארום — פעלד און קאָרן,
זון־פּארגאנג און וויַטער האָריזאָנט.
שטילער, רויִקער איז דאָ געוואָרן
און שטיל זאָל זיַין נאָר ווער עס קאָן...

מיר שפּאנען שטום, מיר שטעלן קליינע טריט,
און ציילן קערנדלעך פון ריַיפע זאנגען.
און ס'ציט אוועק א קלינגעוודיקע ליד
קלאָרע, פּויערשע געזאנגען...

וויַטער, וויַטער, און ס'גיסט זיך איבער,
דין אזוי, ווייך אזוי און קלאָר...
און אָנגענעמער ווערט און ליבער
אזא ריַיפער זומער, אזא גוטער יאָר!..

1928

# הארבסט

דורך מײַן פענצטער קוקט דער קלאָרער הארבסט,
די פולע לעוואָנע רײַסט זיך דורך די שויבן,
עס איז געווען אינגאנצן אומדערווארט
אין טיפן הארבסט אזא מין רעגנבויגן.

נאָר די בלעטער פאלן פאָרט אף דר׳ערד,
(דאָס איז אײַך קלאָר און טויזנט מאָל באשריבן).
איך קוק זיך צו נאָר און איך הער:
צי ס׳איז פון זומער עפּעס וואָס פארבליבן...

אן אנטאָנער עפּל ליגט איצט אפן טיש
און מײַנע ציין צו אים זיך ציִען.
זײַן קלאָרער זאפט האָט גוט מיך אָפּגעפרישט
און דערמאָנט אָן ערשטער פרילינג־בליִונג.

איך האָב מיט דורשט געגעסן אָט די פרוכט
און ס׳ליגט דער טאם פון אויבן אף די ליפּן,
נאָר אלעמאָל, ווען רײַפקײַט דו פארזוכסט,
איז שוין פון בליִונג קיין סימען ניט פארבליבן.

דער קלאָרער הארבסט אין גרויסן דרויסן קילט,
די בלעטער פאלן רויִק פון די צווײַגן,
די לעוואָנע לײַכט אינגאנצן שטיל
און הייבט זיך אוף אין ווײַסן שטײַגן.

1936

# בריוו

װאָס קען נאָך זײַן בעסער, װען עס קלאַפּט צו דיר אָן
שפּעטלעך אינאָװנט דער פּאָטשטאַליאָן,

װאַרפֿט אַרײַן אַ בריוו אין צעעפֿנטער טיר —
לייענסט דעם אַדרעס, ס'איז טאַקע צו דיר.

פֿון פֿאַרשנייטן כאַבאַראָװסק, פֿון ביראָבידזשאַן,
צי פֿון ערגעץ אַן אַנדער װײַטן שטיק לאַנד.

פֿון צװישן באַראַקעס, פֿאַרװאָרפֿענע טיף,
קוקט קלאָר אַרױס דײַן כאַװערס שריפֿט.

און דאַנקסט דעם קאָמיסאַר פֿונעם באַן־פּאַרקער,
װאָס ער האָט דערפֿילט דײַן מענטשלעך באַגער,

און דאַנקסט נאָך דערפֿאַר דעם קאָמיסאַר פֿון פּאָסט,
װאָס איז ניט פֿאַריבן קיין איינציקער אָס,

װאָס גלאַט און ריין איז דערגאַנגען צו דיר
דאָס פֿאַרשריבענע פּערטל װײַסע פּאַפּיר.

נאָר ס'טרעפֿט זיך אַמאָל אינגאַנצן פֿאַרקערט,
דו הערסט ניט קיין װאָרט פֿון דער װײַטער ערד,

און ס׳ווערט שוין פאר דיר אָפן און קלאָר:
עס וועט וואָגלען דער בריוו א קײַלעכיק יאָר.

דערנאָך וועט ער ליגן צווישן טויזנטער די,
ווו ס׳איז אויבן פארשריבן: „דער אדרעסאט איז ניט הי״.

און קלאפסט דעפעשן, איז סײַווי אומזיסט!
דו וועסט ניט באקומען פון דײַן פרײַנט קיין געריס.

בלײַבסטו זיצן אזוי און דו קאָנסט ניט פארשטיין,
ווו איז אהינגעקומען דײַן כאווערס געביין.

נאָר ס׳ווילט זיך דיר טראכטן אינגאנצן פארקערט —
ער לעבט זיכער געוויס אף דער ווײַטער ערד.

נאָר ס׳פעלט דיר א גרוס, עס זאָל ווערן קלאָר,
אז ס׳וועט ארבעטן דײַן פרײַנט ביז הונדערט יאָר,

און דערפילט זאָל ווערן דײַן מענטשלעך באגער:
עס זאָלן גרוסן פון פרײַנט ניט פארשפעטיקן מער!

1934

## „רוזיק איז אין ווין"

„רוזיק איז אין ווין"...
א טאָג און צוויי, א גאנצע וואָך
און נאָכאנאנד עס גייט מיר נאָך:
ווײַסעל איז געקעפּט אצינד,
ווײַסעל איז שוין טויב און בלינד,
„רוזיק איז אין ווין"...

עס הענגען טליִעס אינעם לאנד,
עס גייען מאכנעס אלץ געשפּאנט,
עס גייט און דויערט נאָך דער שטרײַט,
און נאָר א שטים צערייצטע שרײַט:
„רוזיק איז אין ווין"...

די פּאָרשטעט זײַנען שטענדיק וואך,
די פּאָרשטעט טראָגן זיך דורך נאכט,
ווײַל ווער עס הייבט שוין איינמאָל אָן,
דער שטעלט זײַן קאָפּ אפּסנײַ אין קאָן.
„רוזיק איז אין ווין"...

וויי צו די, וואָס זיצן שטום,
ערע די, וואָס קומען אום,
עס שײַנט אף זיי פּעווראלער זון,
עס מאָנט דאָס בלוט פאר נײַעם רום.
„רוזיק איז אין ווין"...

פון קעלערס טיף מע הייבט זיך אוף,
עס קײַקלט זיך אין לאנד דער רוף,
עס ווייט אין ווינט א רויטע פאָן,
ס׳איז ניט קיין סאָף, עס הייבט זיך אָן!
„רויִק איז אין ווין״...

1934

# א בערלינער נאכט

גייט אויף אין פײַער די בערלינער נאכט,
געזאנג, סאליוט, א שײַטער אָנגעצונדן.
דעם מיטלאלטער פײַערלעך אראָפּגעבראכט
אהער, אָט איצט אין צוואנציקסטן יאָרהונדערט.

קלאָגט שניצלערס גרינער פּאָפּוגײַ,
געוויין און פלאם צעטראָגט זיך איבער מײַלן.

Um wunderschönen Monat Mai
האָט היינע פארזאָגט זיך לוסטיקער פארווײַלן.

און שטורמאָוויקעס היטן, האלטן הויך דעם קאָפּ,
עס קוקן שמייכלענדיק די גלאנציקע באאמטע,
די לעצטע בלעטלעך ברענען איצטער אָפּ
פון סטעפאן צווייגס „אויסגעלאסן״ — אומבאקאנטער.

דער דײַטשישער באלעבאָס נעמט ארויס דעם פּאטעפאָן,
דער דײַטשישער באלעבאָס הייבט זײַן הימן אָן
פאר דעם הער מיניסטער און פאר דער גוטער וואך,
וואָס היטן וועט זײַן אייגנטום טאָג און נאכט.

עס שרעקט זיי אלץ און מאטערט דער געשפּענסט,
וואָס וואנדערט ריזיק אום איבער אייראָפּע,
אלע בענדער מארקס אין איין פּאק צונויפגעפּרעסט
און באגאָסן גלײַך מיט ריינע דײַטשישע טראָפּנס.

צעוויקלט הויך זײַן שטערנדיקן בילד —
אַ צונד, אַ וואָרף און אָפּגעעטעמט פרײַער,
זײַן באָרד האָט שוין דער פײַער אײַנגעהילט,
די אויגן זײַנע לאכן, לײַכטן דורכן פײַער.

אַ געשריי שנײַדט דורך די גאַנצע פרילינג־שטאָט:
„נעם פײַער צו דעם רום פון אָט די נעמען",
פינף אויסיעס צעשניטן און איבער פלאַץ אַ שאָט
און אויסגערופן הויך — „אַזוי ברענט לעניך".

דאָס דײַטשישע באַלעבעסל ווייסט אויך וואָס ער קאָן,
דאָס דײַטשישע באַלעבעסל הייבט זײַן הימן אָן —
פאַר דעם דײַטשישן פאָלק דאָס בעסטע אין דער וועלט,
פאַר זײַן אייגן קרעמל, פאַר זײַן ביסעלע געלט...

און ס'ברענט די נאַכט אין פרילינג־שטאָט בערלין,
פון פאָרשטעט שפּאַנען הונגעריקע מענגעס,
צי דער הער מיניסטער האָט זיך גאָר געריכט פון זין
באַפרײַען דורכן פײַער אַרבעטלאָזע ענגשאַפט.

„שעדלעכער געדאַנק פאַרשווינד, פאַרשווינד,
דער דײַטשישער גײַסט ווערט אופגעריכטעט".
איבער דער גאַנצער וועלט אַצינדער קלינגט
דער סאָף און אָנהייב פון אַ וועלט־געשיכטע.

די אַרבעט הייליקע איז הייליק אָפּגעטאָן,
און איצט אַף נאַכטלעגער רויק זיך צעפאָרן...
גיט אַ בליץ אינמיטן נאַכט אַ מײַיק־רויטע פאָן,
עס דויערט און עס ענדערט זיך דער קאַמף דורך יאָרן...

16 מײַ 1933

# נאָיאבער

זיי האָבן געזונגען און ס׳האָט זיך געהערט,
ווי זיי האָבן די גאסן געמאָסטן.
פעסט איז געווען דער טראָט אף דער ערד,
יעדער שפאַן, ווי אויסגעגאָסן.

און ס׳האָט זיך געטרייסלט די הארבסטיקע נאכט
פון זייערע מענערשע שטימען —
גלײַך דער געזאנג איז ארויס אף דער וואך
פון נאכט און ביז באגינען.

העכער און העכער הייבט זיך די לופט,
דער טראָט איז ניט געענדערט.
נאָר ס׳דערקײַקלט זיך פלוצעם צו מיר דער רוף
פון יענע ווײַטע לענדער...

עס ליגט שוין דאָ אזא קלאָרער הארבסט,
די ערשטע טעג פון נאָיאבער,
און ס׳ווײַזט זיך פאר מיר א פארבלוטיקט הארץ
פון מײַנעם א שפאנישן כאווער.

און ס׳קלינגט לעבן מיר א פארשטיקטע שטים:
וואָס זשע דאָ געשען איז?
דאָס שטייט איצטער אוף אפסנײַ פון ווין
די פעווראלער געשעעניש.

הער איך: „באלד איז יאָמטעוו בא דיר.
דו קענסט זיך רויִק ליגן,
פון אינוויייניק — פארשפארט דײַן טיר,
אין גאס — א רויטארמייִשער ניגון“.

און איך בין שוין לאנג ניט געלעגן אין בעט,
עס האָט מיך אופגעהויבן —
עס האָט זיך געוויגט זייער טרויער־געבעט
אריבער מײַנע שויבן.

בין איך ארויס אינמיטן נאכט
די ערשטע טעג פון נאָיאבער,
לאָמיר האלטן די ערן־וואך,
טײַערער שפאנישער כאווער...

דערנאָך האָב איך אים ארויסבאגלייט
צו ערגעץ א ווײַטן טויער,
און ס׳האָט זיך געהערט נאָך אלץ ווי עס גייט
די דיוויזיע רויטארמייער.

נאָיאבער 1934

* * *

לונאטשארסקין

טויט!
האָסט זיך ווידער באוויזן
אין א רעמל א שווארצן
און ס׳ווייעט א פראַסטיקער
קאלטער פארדראָס.

די ווערטער פון צײַטונג
לייגן זיך אויס אפן הארצן
מיט יעטווידער
טונקעלן אָס...

איר האָט נאָרוואָס פון פראנקרײַך
אונדז הארציק געשילדערט
דאָס פארגאנגענע לעבן
פון א גרויסן אקטיאָר,

זאָל מיט אײַך געשען גאָר
א זאך אזא ווילדע —
שטארבן
אין טויזנט נײַנהונדערט
דרײַ און דרײַסיקסטן יאָר.

דאָס לאַנד אינעם זיבעצנטן
גערוען איז אין ברענען,
זײַט איר געפֿאָרן,
געריטן,
גערעדט.

האָט איר געוואָלט נאָך,
אַז „וואַסילי בלאַזשעני"
זאָל בלײַבן אַ דענקמאָל
פֿון די אַלטע שטעט.

ניט גרינג איז צו זײַן
דער ערשטער אין רייען
און בלײַבן אַף שטענדיק
און אייביק גערעכט.

נו, האָט איר געליבט אויך
קונסט־גאַלערייען,
לאָזט זיך אויס:
ס'איז ניט אַזוי שלעכט!..

אָט, זע איך אײַך, שטייט איר
פֿאַר אונדזערע אויגן,
עס הערט אײַך די יוגנט
אין אַ מאָסקווער זאַל,

איר האַלט אײַער קאָפּ
אַן אַ זײַט אָנגעבויגן,
און יאַרשענען, זאָגט איר,
דאַרף מען ניט אַלץ.

עס פֿליט אײַער וואָרט
אַלץ ווײַטער, געשווינדער
און פֿלאַטערט אַרײַן
ביז טיף אין דער נאַכט.

ניט יעדערער קען
די רעוואָליוציע פאַרבינדן
מיט דער גאַנצער שיינקייט
פונעם קינסטלער־פאַך.

איר ווישט אויסעט די ברילן,
גייט אראָפּ פון דער בינע —
מע שיט ניט בא אונדז
קיין לאָרבער־קרענץ,

איר האָט אזוי אָפט
געקאָנט דאָך געפינען
דאָס פּאַסיקע וואָרט פאַר
דער אינטעליגענץ.

נאָר איינס, קאָמיסאַר,
קען איך אײַך ניט פאַרגעבן —
אײַער מאַכט איז אָף וויסן
געווען פאַרשפּרייט,

פאַרוואָס זשע האָט איר
פאַר אײַער אייגענעם לעבן
דעם טויט
ניט געטויט...

28 דעקאַבער 1933

* * *

עפשער זינג איך ניט — איך שרײַ?
איז מײַן שטים דען פעסטער ניט געוואָרן?
עס גייט אזוי אדורך פארבײַ
אי די יוגנט, אי די שפּיל פון יאָרן.

און אזוי־אָ ווי איר קוקט מיך אָן,
צי ווען איך וויין, צי ווען איך שמייכל,
וויל איך הארץ מײַנס זאָל זײַן די פאָן
אי פון מײַן וואָרט, אי פון מײַן סייכל.

און אלץ, וואָס שווימט פון מיר אוועק
און שפּאנט אריבער יוגנטלעכן ברויזן,
געזונטערהייט, זאָג איך, אין וועג
פאר ייִנגערע נאָך דיכטערישע קרויזן.

אלע וועגן פון מײַן נײַער ערד
נאָך ניט אדורכגעשפּרײַזט אינגאנצן,
ניט איבערשאַצן זאָלסט דײַן אייגן ווערט,
דעם ווערט פון פרײַנט זאָלסטו ריכטיק שאַצן.

און ווען דאָס לעבן אין דײַן היים איצט גרינט,
דארפסטו פארן לעבן זיך ניט שעמען,
כאָטש דײַן יוגנט שווימט פארבײַ אצינד,
דו האלסט זי צו און ווילסט אין האנט זי נעמען.

און קענסט ניט אומקערן זי אף צוריק,
דײַן וואָרט פאַרויס אָבער באַוועגן מוזטו.
לידער א בוך איז אַזויוויי א בריק —
שפּאַן אים אַריבער און ווײַטער געזוכט זיך.

* * *

טרעפט אמאָל — ווער איך גלוביקער און שטומער,
כ'קען ניט זאָגן, וואָס דער צווייטער וויל...
ווען ס'צעזינגט זיך זילבעריק א זומער,
ווערן אלע טיפער, רויִקער און שטיל...

ווארט איך לענגער — באלד וועט זיך צעשײַנען
דאָס, וואָס דארף, און דאָס, וואָס דארף נאָך ניט —
דעמלט וועל איך ליכטיקער און פרישער טײַנען,
מיט די ציטעריקע ליפּן פון מײַן ליד.

מײַן קאָפּ, מײַן קינדערשן, ווי אלע גרויסע,
— געוואָרפן האָב איך אין ראש פון לאנד —
איז רויִקער געוואָרן דאָ דאָס רוישן,
ווי זאטער זומער אף גלי‍ִענדיקן זאמד...

וועל איך קענען העכער נאָך א שטײַג טאָן,
קוקן דאָרטן, ווו עס זעט זיך מער...
כ'טאָר נאָך ניט, ווי פולע צווײַגן,
א ריס טאָן זיך ביז שווארצער ערד.

אף רוסלאנדס פעלד א זומערדיקע טיף,
שײַן און שטערן, זאמד און שטיינער —
ס'האָט מײַן הארץ ווידער זיך צעטריפט
מיט ווערטער גלוביקע אף מײַנע ציינער...

1926

* * *

זי גייט אוועק, און איך גיי אויך אוועק,
פרילינג־אָוונט וועט ניט שטערןביידן...
דער בלויער, טיפער הימל־דעק
וועט אונדזער שטילן גאנג באגלייטן...

זײַנען שטערן הויך און שטערן זײַנען ווײַט,
מיר קענען גאָרניט איין דעם צווייטן...
מיר זײַנען פרײַ, מיר האָבן צײַט
צו שפּילן אונדזער שפּיל פון זײַן צעשיידן...

עס ציט זיך אויס די אָוונטיקע לענג,
שטערן־שײַן, לאמטערן־שײַן זיך שפּרייטן...
די פרילינגדיקע שטאָט האָט זיך פארבענקט,
און מיר זוכן, דוכט זיך, איינס דעם צווייטן...

מיר זײַנען דאָ. זי עפנט אויף איר טיר,
פרילינג־אָוונט וועט ניט שטערן ביידן...
איר לײַכטער ציטער, מײַן לײַכטער ריר,
די לײַכטע שפּיל פון זײַן באשיידן...

1927

* * *

איך האָב ליב די בלאָנדקייט דיינע,
אָט דעם אָוונטיקן ריר,
ווען די בלויע אויגן שיינען
מיט א נאָענטקייט צו מיר...

און די פינגער דיינע לאנגע
שפּילן אויף מיין קאָפּ.
און די האָר, ווי ווייכע זאנגען,
וויגן זיך אראָפּ...

ווען ס'איז זומערדיק און טונקל,
ציטעריק און קיל,
ווען איך ווער אָט דאָ פארזונקען
און איך בלייב דאָ שטיל.

און דו זאָגסט מיר: גוטער ייִנגל,
זאָל שוין זיין גענוג!
איך וועל זיין היינט נאריש, ייִנגל,
אָבער דו זיי קלוג!..

1927

# א רעגן

דעם דריטן טאָג, אַז ס׳גיסט און גיסט א רעגן.
איך גיי אין גאַס, דעם קאָלנער אופגעשטעלט,
און טרעפט מיך א באַקאַנטער — מוז ער עפּעס פרעגן:
וואָס הערט זיך, כאַווער, אַף דער וועלט?

— ניט רויִק איז נאָך אַלץ, — זאָג איך, מיט כינע,
און דער רעגן גיסט נאָך אויכעט הײַנט.
— יאָ, איך זע, זאָגט ער, ווי טראָפּנס רינען,
און פאַר די נײַס — א דאַנק דיר, גוטער פרײַנט!

איך שטעל זיך אָפּ, איך קויף די לעצטע צײַטונג,
שטופּ אין קעשענע דאָס דורכגענעצט פּאַפּיר...
ס׳קאָן מיר איצטער קיין זאַך ניט פאַרבײַטן
די קליינע אויסיעלעך, וואָס ריידן דאָ צו מיר.

און ס׳גיסט דער רעגן אַלץ אַזוי,
מיט טריט מיט אײַליקע איך גיי און גיי,
דער קאָלנער נאַס, דער קאָלנער אופגעשטעלט:
— האַ? וואָס הערט זיך עפּעס אַף דער וועלט?..

1929

## פאר א רעגן

אפרילינג־אָוונט, די פענצטער זײַנען אָפן,
מײַן כאווער איז באם פענצטער אײַנגעשלאָפן,
וויגן זיך די האָר זײַנע פון ווינט,
און מיט שטויב דער שווארצער קאָפּ פארלאָפן.

שמעקט פון קרוג מיט ווײַסן פרישן בעז,
גיט מײַן כאווער זיך א דריי אפן געזעס
און די ליפּן זאָגן אָפּ געשווינד:
וואסער בײַט מען צוויי מאָל אין מעסלעס.

זיץ איך אָנגעשפּארט אָן קלײנעם טיש,
די לעצטע נײַס פון צײַטונגען איך מיש.
אין פרילינג פיר און דרײַסיקסטן איז טרוקן,
זאָל דער פארזיי ניט ווערן נאָר צונישט.

אף רעגן האָט נאָך קײנער ניט קײן מאכט.
זאָגט מײַן כאווער — ס׳איז א קלאָרע זאך!
מע דארף אין פענצטער גאָר ניט קוקן,
ס׳וועט הײַנט רעגענען א גאנצע נאכט.

וואָלקנס, זע איך, רוקן זיך אנטקעגן,
און ס׳איז פארשפּאָרט דעם כאווער איבערפרעגן,
די פענצטער דארפן זײַן שוין צוגעמאכט,
עס וועט גיין א גרויסער, גוטער רעגן.

איך שפּאַר זיך צו נאָך נעענטער צום שויב,
די אויגן גיב איך נאָכאַמאָל א הויב,
דער פרישער פרילינגדיקער רעגן
זאָל געבענטשט זײַן און געלויבט...

1934

# אף דער כוואַליע

ב ייך,
כ׳וועל ניט קומען צום ברעג,
די כוואַליע וועט שלעפּן מיך ווײַטער,
עס פאַרפּלייצט און פאַרגיסט.

און שווערער אַלץ ווערט מיר דער קאָפּ —
ניט איך האַלט די צוים,
די כוואַליע איז איצטער דער רײַטער
און ציט מיך,
און דריקט,
און שלעפּט מיך צום אָפּגרונט אַראָפּ.

איך דריק צו דאָס לעבן בײַ זיך אין די הענט
פעסט ווי קיינמאָל,
איך שרײַ אינדערהייך,
און קיינער הערט ניט מײַן שטים.

זאָל די כוואַליע אַ שטויס טאָן פאָרויס
מיך כאָטש איין מאָל,
איך זאָל דערזען מיטאַמאָל
די שיינקײַט די גאַנצע פון קרים.

געזאַלצן דאָס וואַסער,
פול איז דאָס מויל,
און ס׳קילן אַלץ ווײַטער די בלוטן.

איך הער איצטער גאָרניט,
מע שרײַט נאָר פון ברעג דאָרט:
א שאָד!

ער וועט בלײַבן דאָך ליגן
שוין באלד א בארוטער,
דער מענטש אָט דער יונגער,
מיט זײַן פלינקן און אײַליקן טראָט.

ניין,
אליין כ׳וועל ניט קומען צום ברעג,
איך ווארף זיך אין לעצטן געראנגל,
איך דערפיל אף מײַן לײַב
א קאלטע, א וואָגיקע האנט.

די האנט גיט א כאפ מײַנע האָר,
און איך בין שוין געפאנגען,
און שלעפט מיך א שווערן און בלייכן
צום ברעגיקן זאמד.

פון אונטן — א לײַלעך א ווײַסער,
פון אויבן — א הימל א בלויער,
און דער יאם דער גרויער
רײַסט זיך אריבערן ברעג —

איך הער, ווי זײַן וואסער
וויל ניט ארויס פון מײַן אויער,
און כ׳דערפיל אין די פיס
דעם קאלטן דעם יאמישן דעק.

קיינער זאָגט מיר קיין וואָרט ניט,
מע קוקט מיר ארײַן אין די אויגן,
ווי א מענטש וואָלט געבאָרן געוואָרן
און געגעבן צו זיי זיך א קער —

ס׳קוקט אזוי ווארעם אף מיר
די הימלשע בלויקײַט פון אויבן
און די שטיינער די קאַלטע,
וואָס דער יאַם ווארפט ארויס אף דער ערד.

און דו שעמסט זיך אזוי
און קענסט זיך די שאנד ניט פארגעבן —
אזא מין פארגעסנקײַט
האָט זיך אף דיר אויסגעשפרייט.

און טויזנט מאָל טײַערער
ווערן די רעגעס די נײַע פון לעבן
און דערווידער און מיִעס
די ווײַלעס, וואָס פירן צום טויט.

1934

# מײַן לעבן

הײַנט ווילט זיך מיר זינגען מײַן לעבן א ליד,
מײַן לעבן, וואָס טראָגט מיך און ווערט אלץ ניט מיד.

אונדזערע לעבנס, וואָס הייבן זיך אָן
פון א בלוטיקן שלאכט און א רויטער פאָן,

פון א מאמען אן אלטער, וואָס קוקט אירע אויגן אויס
אף איר טײַערן זון, וואָס איז צום שלאכט־פעלד ארויס,

וואָס שלאָגט זיך מיט הייסן און קאלטן געווער
פאר יעטווידער שטיק פון סאָוועטישער ערד.

ווען מיר האָבן אין ווײַסן אין רוסישן פראָסט
אונדזערע שטעטלעך אף שטענדיק פארלאָזט,

און געטראָגן זיך ווײַטער אין טיף ראסיי
דורך שטורעם און רעגן און שנייען־זאווייי...

ווען אין בלוט האָט געקלאפט מעכטיק און קלאָר
דאָס טויזנט נײַנהונדערט צוואנציקסטע יאָר.

הײַנט ווילט זיך מיר זינגען מײַן לעבן א ליד,
מײַן לעבן, וואָס טראָגט מיך און ווערט אלץ ניט מיד.

ווען פלעגסט אראָפּ מיטאמאָל אף א זײַטיקן וועג,
ניט טאָן, וואָס מע דאַרף, ניט טאָן, וואָס מע מעג,

נאָר האָסט ניט פאַראַטן פון דעמלט ביז הײַנט
דײַן לײַבלעכע היימלאנד און לײַבלעכע פרײַנט.

און הערסט פון דײַן בלוט דעם האסטיקן לויף
אין די געקוואָלענע אָדערן פון הוילן שלייף.

און עס קאָסט דיר געזונט ביזן פלייש, ביזן ביין
דײַן פארגאנגענע בענקשאפט, וואָס האָט געמוזט נאָך דיר
גיין,

ווי עס גייט נאָך א שלאכט א ווילדער געשריי
און קײַקלט זיך איבער פון ריי ביז ריי.

הײַנט ווילט זיך מיר זינגען מײַן לעבן א ליד,
מײַן לעבן, וואָס טראָגט מיך און ווערט אלץ ניט מיד.

מײַן לעבן, וואָס ווערט דאָ געפירט און געשלײַדערט
פון וויסטעניש גרויער ביז דער ארקטיק דער ווײַטער.

און לאָזט זיך אראָפּ אפן דרייפנדן אײַז
און פארפראָרענעם יאם באם פּאָליארן קרײַז.

און עס גיט ניט קיין דראָע דײַן טונקעלע ברעם
אינעם גרויען שינעל און רויטארמיייִשן שליעם.

און דו האלטסט דעם נאהאן אין דער רעכטער האנט
פאר די גרענעצן־סלופּעס פונעם גרויסן לאנד.

ווען עס קלאַפּט אינעם בלוט אַזוי מעכטיק און קלאָר
דאָס דריטע צענדליק שטראַלנדיקע יאָר,

ווילט זיך מיר זינגען מײַן לעבן א ליד,
טראָג מיך, מײַן לעבן, און ווער ניט מיד!..

1934

* * *

ס'איז כוידעש יול, דער פרילינג איז אוועק.
עס גיסן זיך אָן זאנגען און ס'צײַטיקן די קערנער.
און איך גיי ערשט ארויס אין מיטן וועג, —
א מעסט טאָן זיך אליין, ווי אָקסן מיט די הערנער...

מיט עמעצן פארמעסטן זיך איז אייביק שווער, —
מיט זיך אליין איז טויזנט מאָל נאָך שווערער.
עס שלאָגט דאָס בלוט אין מיר — איך הער,
און ס'קוועלן אָן די אָדערן נאָך מערער, מערער.

ס'איז גוט א פּײַפל זײַן איינמאָל נאָר אין יאָר,
א שפּילעכל איז גוט פאר קינדער קליינע,
נאָר ווען די שלייפן ווערן הויל און ווייניקער די האָר,
מיט וואָס זאָל איך דאָס אלץ אצינד באלוינען?

א פּיצל קינד — ווייס זײַן מאמעס ווײַסע ברוסט,
א גרויער זאָקן — זעט זײַן סאָף אין ענדן,
און איך האָב זיך אין מיטן וועג דערוווּסט,
אין טויזנט זײַטן קערן זיך און טויזנט זײַטן ווענדן —

ווערט שווער אמאָל מײַן שווארצן קאָפּ
א לאסט אזא ווארפן און פארהויבן,
א פולער זאנג נייגט זיך טיף אראָפּ,
א זאנג א ליידיקער ציט זיך אלץ צום אויבן...

ס׳איז כוידעש יול, דער פרילינג איז אוועק.
אין רײַפן גלאַנץ האָט זיך א זאנג צעשמייכלט
און איך גיי ערשט ארויס אין מיטן וועג
מײַן פעסטע קלאָרקײַט צו דערגרייכן...

* * *

איך קום אין געסט צו דיר אזייגער צען,
דײַן טײַער קינד ווערט דעמלט אײַנגעשלאָפן.
איך שטרעק דיר אויס אנטקעגן בײדע הענט
און לאָז נאָך זיך די טיר א ביסל אָפן.

א קלײנער לאָמפּ באַלײַכט דעם לאנגן טיש,
עס ליגן צײַטונגען פארפולט מיט נײַסן,
דאָס פײַער ווערט מיט טונקלקײַט צעמישט
און דורכן פענצטער — ווינטערדיקע ווײַסקײַט...

דאָס גאנצע לאנד רעדט איצטער וועגן ברויט
און אינעם הויז — פון נײטיקער באזאָרגונג.
עס איז אין צימער דאָ ווי אויסגעשפּרײט
די רייד פון נעכטן און די רייד אף מאָרגן.

דײַן מאן איז ערגעץ אין א ווײַטן דאָרף
און שלאָגט זיך בלוטיק דאָרט פאר דער פארגרײטונג,
און ס׳ווערט אונדז בײדן ווי די שארפקײַט קלאָר:
ניט בלײַבן וועט א לאנד אָן ברויטן.

בײגסט אָנעט שטיל דײַן גלאַט־פארקעמטן קאָפּ,
דו ביסט א פרוי און זיצסט אזוי באשײדן.
ס׳דערגײט צו מיר דײַן טאָכטערס גוטער שלאָף,
און כ׳שעם זיך אינדערהײך עפּעס צו רײדן.

כ׳קריך צוריק אריַין אין אלטן פּעלץ,
באגלייטסט מיך ביזקל טיר, ווי שטענדיק,
עס ווארט אף מיר א פּראַסטיק־וויַיסע וועלט,
א שניי א ליכטיקער, וואָס בלענדעט...

יאנוואר 1933

* * *

דײַן קלאָרן פארשטאנד און ניכטערן זינען
לאָז איבער, איך בעט דיך, ביזקל באגינען.

מע זאָגט מער ניט פרוי, נו, איז נאָענטער פרײַנט,
שליס צו די טיר און לאָמיר דאָ זײַן!

דײַנע אויגן האלב אָפן קוקן אף מיר,
דיר ווילט זיך איצט גאָרנישט, נאָר א ביסעלע ביר.

פון די וואָבלעס און הערינג זאָגסטו, טײַערער פרײַנט,
איז דיר געזאלצנס אין די ביינער ארײַן.

ביסט מיד פונעם טאָג, וואָס אין מי איז אוועק,
רוסטו איצטער זיך אָפּ און גיסט רויק א פרעג:

— מע זאָגט מער ניט מאן, נו, איז נאָענטער פרײַנט,
מאך צו די טיר און גיי צוריק ניט ארײַן.

אויב ביסט טאקע געוויס אזוי שוידערלעך מיד,
וועט שוין פעלן דער סאָף בא מײַן הײַנטיקער ליד...

# פושקינען

שטיט א שניי אף אלע וועגן,
יאָגט דאָס פערד אונדז אין גאלאָפּ,
פּושקין פליט ארויס אנטקעגן
מיט זײַן שטראלנדיקן קאָפּ.

ס׳האָט זײַן פּאָנעם דורכגעלויכטן
אף דער גאָרער ווינטער־ערד,
פון דער נידער ביז די הויכן
ווערט זײַן ליד אצינד געהערט.

קלינגט זײַן וואָרט, און אלע הערן,
ס׳גאנצע לאנד פון קליין ביז גרויס
און עס זינגען מיט די שטערן,
פונעם דיכטערישן ברויז.

שיטן שנייען, דרייען שנייען,
ווער האָט אים דעם וועג פארשטעלט?
יענע פינצטערע ראסייע
איז אוועק שוין פון דער וועלט.

ס׳איז דאָס הארץ פון דיכטער אָפן,
ס׳איז דאָס הארץ פון דיכטער קלאָר,
ס׳האָט דער דיכטער דאָך געטראָפן,
ער איז העכער פון זײַן דאָר.

און דערפאַר איז ער געפאַלן
פון אַ וויסטער פּרעמדער קויל,
און די קאַלטע ווינטער־שטראַלן
האָבן אָנגערירט זײַן מויל.

און די הענט זיי נעמען פרירן
און עס הערט זיך אַ געבעט,
צוויי זשאַנדאַרמען, זעט מען, פירן
אונדזער טײַערן פּאָעט.

ליגט זײַן קערפּער אויף אַ וואָגן,
ס׳ליגט זײַן קערפּער צוגעדעקט.
ס׳זאָל קיין קלאַנג זיך ניט צעטראָגן
און אין פאָלק נאָך ניט אוועק.

הונדערט יאָר איז אַזוי ווינציק,
הונדערט יאָר איז אַזוי פיל,
ס׳האָט זײַן ליד געדינט אונדז גינציק
מיט זײַן וואָרט און זײַן געפיל.

טראָגט דאָס לעבן אונדז דורך פײַער,
יאָגט די ערד אונדז אין גאַלאָפּ,
וואָס איז עכט — בלײַבט אייביק טײַער!
וואָס איז פאַלש — פאַלט שטענדיק אָפּ.

יאַנוואַר 1937

## יוגנט

זי האָט זיך געטראָגן אױף טויזנטער װעגן,
מײַן טײַערע יוגנט, אין בלוטיקן לויף,
מע איז ניט אַרויס איר אַנטקעגן
מיט ברויט און מיט זאַלץ פון יעטװידן הויף.

זי האָט זיך געטראָגן מיט אויגן צעשטראַלטע,
מיט באָרװעסע פיס אױף דער נאַקעטער ערד, —
ס'האָט קיין קויל און קיין שפּיז
ניט געקאָנט זי פאַרהאַלטן,
דאָס קלאַפּן פון האַרץ האָט זיך הויך נאָר געהערט.

זי האָט זיך געטראָגן פאַרבײַ אַלע צאַמען,
די ציין און די ליפּן צוזאַמענגעפּרעסט,
געקומען מיט װוּנדן, געקומען מיט שראַמען, —
מײַן טײַערע יוגנט פאַרבליבן איז פעסט.

פאַרבליבן איז פעסט און אָפּסנײַ שוין און װידער
זי פליט אין די הימלען, זי שטייט אױף דער װאַך,
פאַר פרײַהײַט פון שפּאַניע, פאַר פרויען מאַדרידער
גייט די באַטאַליאָן־קאָלאָנע די ערשטע אין שלאַכט.

דערמאָנט מיר זיך גלײַך אָן די שטעטלעך פון פּוילן,
אָן דער ייִדישער יוגנט, װאָס װאָגלט אין שרעק,
אָן דער ייִדישער יוגנט הונגעריק־הוילער,
װאָס לאָזט זיך פון גרענעץ צו גרענעץ אַװעק.

פון איר שטוב, פון איר היים אין ערגעץ אנטלויפט זי,
נאָך ברויט און נאָך ארבעט וואנדערט זי אום, —
עס קאָן דאָך א יוגנט ניט בלײַבן פארצווייפלט,
זי קאָן ניט, זי טאָר דאָך ניט בלײַבן שטום.

מײַן טײַערע יוגנט, — דאָס רופט זי זיך איבער
מיט דער לײַדנדער יוגנט פון גאָר דער וועלט,
זי ווײסט, אויב מע דארף, אויך די גרענעץ אריבער
אף רוף, אפן ערשטן אויסגעשריי: „העלפט"!

די אָקטיאבערשע נאכט איז הויך אויסגעשטערנט,
און יעטווידער שטערן מיר פינקלט אפסנײַ:
מײַן טײַערע יוגנט, זאָלסט אלט נאָר ניט ווערן!
זאָלסט בלײַבן אף אייביק, אף שטענדיק זיך טרײַ!

1939

# מאדריד

אַן אעראָפלאַן וואָלט זײַן מײַן ליד,
צי א הארמאט וואָלט זײַן מײַן ליד,
וואָלט עס געוויס באשיצט מאדריד,
וואָלט עס געוויס פארהיט מאדריד.
טאָ פלי, טאָ פלי, מײַן ליד!

עס קריכט און פויזעט אלץ די שלאנג,
און יעדע רעגע ציט זיך לאנג,
און יעדע רעגע קאָסט אונדז בלוט,
און ס׳פײַניקט יעטווידע מינוט.

דאָס שפאניש פאָלק אין בלוט פארגייט,
נאָר ס׳שרעקט ניט אָפ דאָס פאָלק דער טויט,
שטייט אויף דאָס פאָלק ניט ס׳ערשטע מאָל,
ניט זײַן זאָל מער דאָרט ווי אמאָל.

עס וויגט זיך אום אצינד די ערד
און פאר די אויגן פאָכט די שווערד,
און מיטן פײַנט דער קרייץ־צוג גייט,
און מיטן פײַנט קומט אָן דער טויט.

מיר האָבן אויך געהאַט א שלאַכט,
דער פֿײַנט האָט אויך בײַ אונדז געלאַכט,
נאָר ס׳שפּאַנט דאָס פּאָלק און ווערט ניט מיד,
געהערן דאַרף צום פּאָלק מאַדריד.
טאָ פֿלי, טאָ פֿלי, מײַן ליד!

1939

## נײַ־יאָר

עס גייט זיך, ווי איר שטייגער איז, די וועלט,
א נײַ־יאָר האָט שוין זײַן גאַנג באַריגלט;
ווי איז דאָס יאָר אַדורך? אף וועלכן שוועל
האָט אָפּגעגלאַנצט זײַן אָפּבילד אין א שפּיגל?

דעקאַבער איז. א שניי א ווײַסער שיט,
די גאַנצע וועלט ליגט ווײַס אַנטקעגן,
און הינטער פענצטער, הער איך, רוישט מאַדריד
און ס׳גייט פון בלוט און בלײַ אָט דאָרט א רעגן.

און הינטער פענצטער הער איך, כינע גייט,
דאָס פאָלק פון הונדערטער מיליאָנען,
פון יעדן שליאך דאָרט שרײַט דער טויט,
אף יעדן שטעג א בערגל אָן א נאָמען.

און ס׳שטייען אוף פאַר מיר אין ווײַסער נאַכט
ייִדן טויזנטער מיט שרעק אף ליפּן,
באַ וויפל גרענעצן אומזיסט געוואַרט,
פון דײַטשלאַנדס האַקנקרייץ געטריבן.

און דער שניי אין פענצטער שיט און שיט,
ער וועט ביז נײַ־יאָר זיכער שיטן,
דאָס אַלטע יאָר האָט זיי דאָס לעבן ניט פאַרהיט,
דעם טויט פאַר זיי ניט אויסגעמיטן.

נאָר זי אנטלויפט פון מיר איצט, די געפאר,
זי רוקט זיך אָפּ ערגעץ אהינטער, —
איך רײַס דעם לעצטן בלאט פון קאלענדאר,
די נײַ־יאָר־רעגעס שפּארן דורכן ווינטער.

פײַער, פײַער, פײַער, פײַער,
עס זאָל איצטער ליכטיק זײַן,
איך וועל טרינקען פארן נײַ־יאָר
א פולע גלאָז מיט רויטן ווײַן.

פאר דער יוגנט פאר דער דרייסטער,
וואָס ליגט צום נײַ־יאָר אין אָקאָפּ,
פארן לעבן, וועלכער ווייסט ניט,
צי ס׳וועט גאנץ בלײַבן דער קאָפּ.

פארן לעבן, וואָס איז טײַער
יעדן איינעם ביזן ביין,
פאר די רעגעס פונעם נײַ־יאָר,
וואָס זאָלן קיינמאָל ניט פארגיין.

טאָ הייבט זשע העכער אוף די טאָסטן,
טראָגט זיי צו די ליפּן צו,
ווער עס האָט זיך נאָר פארמאָסטן,
וועט ניט וויסן פון קיין רו.

ווער עס האָט זיך נאָר פארמאָסטן,
וועט דערגרייכן דאָך געוויס,
דורך די טויזנטער פארדראָסן,
מיט זײַן דראנג און מיט זײַן ריס.

ניט געשטאנען, ניט געשוויגן,
ס׳גייט דאָס יאָר אין דיר ארײַן,
ניט פארשלעפּערן, פארשווײַגן,
נאָר מיט דיר צוזאמען זײַן.

און פֿאָרויס דיך אַלץ באַוועגן,
דיך אַ טראָג טאָן אינדערהייך,
זאָלסט ניט דאַרפֿן איבערפֿרעגן,
צי האָסט עפּעס וואָס דערגרייכט.

זאָלסט געדענקען און זאָלסט וויסן,
האָסט אַ לאַנד און האָסט אַ היים,
און דאָס נײַ־יאָר צו באַגריסן
דאַרף מען שטענדיק קאָנען שיין.

טרינק זשע נאָכאַמאָל און ווידער,
הייב דײַן בעכער אַפּדאָסנײַ
פֿאַר די טויזנטער מאַדרידער,
וואָס שטייען איצטער אונטער בלײַ.

פֿאַרן לעבן, וואָס איז טײַער
יעדן איינעם ביזן ביין,
פֿאַר די רעגעס פֿונעם נײַ־יאָר,
וואָס זאָלן קיינמאָל ניט פֿאַרגיין.

1939

## צום לעצטן מאָל

צום לעצטן מאָל בין איך אף דעם וואָקזאַל,
כ׳פלעג פאָרן אָפט אהער אין אווגוסט קלאָרן,
פון אויבן גיט א שטערן פינקלענדיק א פאל,
ס׳האָט עמעץ איצט זײַן מאזל אָנגעוואָרן.

און איך מיט דיר מיר קלאָגן זיך ניט, פרײַנט,
די וועלט שטייט אָפן דאָ מיט אלע אירע וועגן,
איינער פארן צווייטן זיך קיינמאָל ניט געפײַנט
און פארשפאָרט אן איבעריקן מאָל צו איבערפרעגן.

איך האָב מײַן ליבע דיר געבראכט אין וואלד אהער,
דערנאָך מײַן פרײַנטשאפט האָב איך דיר געגעבן,
וואָס דארף א מענטש אין אווגוסט כוידעש מער,
ווען רײַף איז אלץ אין זומערדיקן לעבן.

נאָר זי, די וועלט, זי גייט אונדז נאָך פוס־טראָט
און די לעוואָנע קוקט ארויס פון הימל־מיט.
דו ביסט א פרוי און דאָס איז ניט קיין סאָד,
נאָר בייזע צינגער האָבן עס ניט אויסגעמיטן.

מיר האָבן היפש מיט דיר דאָס הארץ זיך אויסגערעדט,
ווער קאָן א פרײַנטשאפט דען צעשטערן,
עס הערט זיך ווײַט, ווי אונדזער פוס די ערד באטרעט,
ווי ס׳וואקסן אָן אין שטיל די מענטשלעכע באגערן.

איך זעגן זיך מיט דיר באַם ברעג פֿון וואַלד,
איך לאָז זיך גיין צוריק מיט די סאָסנעס־רייען,
ווי קלאָר די נאַכט איז איצט, אַזוי איז קלאָר אונדז אַלץ,
נאָר וואַרפֿסט צוריק אַ בליק און בלײַבסט אַ ווײַלע שטייען.

אָט איז ער, דער וואָקזאַל, אַ דאַך, אַ שטיקל וואַנט.
אַ שוועבעלע אַ צונד, אַ ביסל רויטקייט,
און ס׳רוקט זיך דיר אַרײַן אַ קאַלטע האַנט:
איר פֿאָרט אַליין, צי איר באַגלייט נאָר?

איך פֿאָר אַליין, ס׳איז טיפֿע האַלבע נאַכט,
לעוואָנע, וואַלד און ווײַטער גאָרניט,
דער מענטשלעכער געפֿיל שטייט איצטער אויף דער וואַך,
און פֿאַרלירן דעם געפֿיל מע טאָר ניט.

1940

## פאראַן אַ בענקשאַפט

פאַראַן אַ בענקשאַפט איז בא יעדן איינעם,
זאָג, ווו הייבט זי זיך די בענקשאַפט אָן?
אַ צוג, אַ וועג אין ווײַטע פליינען.
נעם די יוגנט דײַנע זיך דערמאָן.

קוק זיך אום אזוי אהינטער,
ועסטו גלײַך פאַר זיך דערזען:
מאָסקווע־שטאָט, אַ ווײַסן ווינטער
און דײַן יוגנטלעכן ברען.

ווי דו יאָגסט איבער די סקווערן,
און די שײַן דײַן טראָט פאַרפלייצט,
און דו ווילסט פון גאָרניט הערן,
נאָר פון יוגנטלעכן רייץ.

ניט געוווּסט און ניט פאַרשטאַנען,
נאָר דערפילט גלײַך מיט דײַן ברוסט
אי פיקאַסאָ, אי סעזאַנען,
אי די דיכטונג, וואָס איז גוט.

מאַיאַקאָווסקי האָט געשריִען
און יעסענין האָט געוויינט,
דו פלעגסט אויכעט אונטערציִען
שטילערהייט אַ ליד אליין.

אף טווערסקאַיאַ, אף די ראָגן,
ווו די יוגנט איז פארבײַ,
שטענדיק פלעגסט זיך אײַליק טראָגן
פון געבײַ דאָ צו געבײַ.

און ניט ווײַט דאָרט אף קליין־בראָנע
אף א לייטער, אף א שטריק,
פלעגט מיכאָעלס דיר דערמאָנען
אָן א ווײַטן ייִדנס גליק.

דו פלעגסט ווייִנען, דו פלעגסט שמייכלען,
דו פלעגסט לאכן אינדערהויך,
אויב דו האָסט נאָך ניט דערגרייכט עס,
דארפסטו דאָס דערגייכן אויך.

איבער מאָסקווער שטרעקעס ווײַסע,
גייסטו ווידער דאָ ארום,
און ווי א וווּנדערלעכע מײַסע,
קערט דײַן, יוגנט זיך איצט אום.

אלץ איז איצטער דיר דאָ קלאָר שוין,
אלצדינג איז דיר קלאָר,
נאָר טיף אין הארצן איז פארבאָרגן
יענער ערשטער מאָסקווער יאָר.

1940

## מע זאָגט מיר

מע זאָגט מיר אַלץ, דו שטייסט נאָך אָפּ,
און שטענדיק בלײַבסטו הינטערשטעליק,
עס ווערן שיטערער די קרויזן אויף דײַן קאָפּ,
און דו, דו שעמסט זיך גאָרניט, זעליק?

נו, וואָס־זשע, פרײַנט מײַנע, פאַרגיט, פאַרגיט,
עס פאַלט אַמאָל פון הימל ניט קיין רעגן,
נאָר עפּשער האָב איך טיף אין זיך פאַרהיט
דאָס גוטע ליד פאַר אײַערטוועגן.

ווײַל ס׳טרעפט אַזוי, דו זיצסט באַם טיש,
דער לאָמפּ איז לאַנג שוין אויסגעלאָשן,
די לעצטע שטראַלן האָבן אָפּגעווישט
די נאַכט, וואָס האָט פון זיך ניט אָפּגעלאָזן.

און דו, פון יעדעס נײַס פאַרכאַפּט, גערירט,
אָבער אַרויסגעבראַכט האָסטו קיין וואָרט ניט,
און ס׳בענקט דאָס ניט־פאַרשריבענע פּאַפּיר
נאָך קליינע אויסיעס און ווערטער־קלאָרקײַט.

דערנאָך, אויף מאָרגן, מע קוקט דיר שוין אין מויל,
מע ציילט די לידער דיר, אַזוי ווי ציינער.
און ס׳כאַפּט אַרום אַמאָל אַ גרויל,
ווי ס׳וואָלט ניט זײַן אין מויל קיין צאָן, קיין איינער.

נאָר כ'ווייס געוויס, אַז הײַנטיקס יאָר
וועט אריבערשפרײַזן טיף אין ווײַטע צײַטן,
און אויסדריקן אים ווי אַ דיכטער קלאָר
ווייס איך אויך וואָס דאָס וואָלט איצט באַטײַטן.

אָבער אויסדריקן אים קלאָר איצט קאָן איך ניט —
טרעפט אַמאָל, עס פאַלט פון הימל ניט קיין רעגן,
נאָר טיף, אין זיך האָב איך געוויס פאַרהיט,
דאָס מאָרגנדיקע ליד פאַר אײַערטוועגן.

1940

## פאראן איז פרײַנטשאפט

פאראן איז פרײַנטשאפט נאָך בא אונדז,
איז דען קיין פרײַנטשאפט גאָר ניטאָ מער?
אָפט זוכט מען פלעקן אף דער זון,
עפשער טרעפט זיך עפּעס, טאָמער.

דו נעמסט דעם מענטשן ווי ער איז,
אויב ער איז אונדזער פרײַנט און כאווער.
און שרעק זיך ניט, ווען אף א שפּיז
ווערט אָפּגעלייגט א ביסל זשאווער.

א סאך און פיל האָבן געגרײַזט,
ווער ווייניקער, ווער מערער,
טאָ שליס ניט צו פאר דעם דעם קרײַז
וועמעס וועג געווען איז שווערער.

ער האָט דורך שלאכט־פעלדער אהער
געבראכט זײַן אויסגעשטאלטן ווילן
און מיטאמאָל האָט ער דערהערט
עס ברעכן זיך געפילן...

אליין דערשראָקן זיך פאר דעם,
אז ניט געקאָנט זיך גלײַך באשרענקען,
בא א גרויסן קער און ווענד
פלעגט ארויסטריפן זײַן בענקשאפט...

האָבן מיר פאַרגעסן ווער ער איז,
צי איז ער אונדזער פרײַנט און כאַווער.
טרעפט אַמאָל דאָך אַף אַ שפּיז
ווערט אָפּגעלייגט אַ ביסל זשאַווער,

טאָ שײַער אָפּ און נעם אים מיט,
ער וועט נאָך גיין מיט אונדז אין שטרײַטן.
ווײַל יענעמס אָנגעבראָכענעם געמיט
דאַרף מען אויסגלײַכן באַצײַטנס...

1940

# איך האָב געזען

איך האָב געזען די זון פֿאַרגייט
אַפּריזער ווי אַן עפּל רויט,
דערנאָך אַ האַלבער עפּל ווערט,
אַ רעגע — זי איז שוין אויף דער ערד.
ס'איז אַזאַ כיין אין דעם פֿאַראַן,
ווי די זון פֿאַרגייט באַם שוואַרצן יאַם.

דו קוקסט זיך צו צום האָריזאָנט,
ער האָט דיר אָן אַ פּריַינט דערמאָנט.
דער רויטער פּאַס, די קילע שייַן,
פֿון ווייַנטרויבן דער קלאָרער וויַין,
גלייַך מע זיצט זיך זאַלבענאַנד
מיט פֿולע גלעזער אין דער האַנט.

נאָר עס איז דייַן פּריַינט דאָ ניט פֿאַראַן,
עס איז אַ גרויסער שוואַרצער יאַם,
זייַן קלאָרע וואַסער וויגט זיך אום,
די גרויסע כוואַליע איז איצט שטום —
שטענדיק איז אַזוי די וועלט:
ס'איז עפּעס דאָ און עפּעס פֿעלט!

1940

## אין וואַרעמקײַט פון שנייען

פאַרשאָרן מײַן שוועסטער די האָר,
און א שפרונג, ווי א זאַנג נאָך א רעגן...

צי האָט געקענט דער יונגער אַקסעלראָד זאָגן אַזוינס אויף וועגן זיך זעלבסט? געוויס. די דאָזיקע דיכטערישע שורעס זײַנען פאַר אים ווי אָנגעמאָסטן. אָט אַזוי איז ער געקומען אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג — א צאַרטער, א ליכטיקער און אַן איבעראַשנדיק רײַפער („א שפרונג, ווי א זאַנג נאָך א רעגן"). שפּעטער, שוין אַלס דיכטער מיט א נאָמען, דערמאָנט ער זיך, וויאַזוי ער האָט דערזען אויסגעקלעפּט אויף די ראָגן פון די מינסקער גאַסן דעם „וועקער", ווו ס'איז געווען אָפּגעדרוקט זײַן ערשטע ליד:

און ס'איז מיר אַזאַ ליכטיקײַט באַפאַלן,
ווי כ'וואָלט נאַרוואָס מײַן נאָמען זיך דערוווּסט...

און אָט אַזוי שוין ביז זײַנע 37 יאָר — א מין קלאַסישער עלטער פאַר מיט גוואַלד איבערגעריסענע דיכטער־לעבנס — שטענדיק יונג, שטענדיק באַהעלט פון ווײַסער שײַן.

וואָלט אַקסעלראָד געווען בלויז אַזאַ — א ליבער, א גוטער, מיט זײַן וואָרט „פאַר אַלעמען, פאַר אַלע...", וואָלט דאָס שוין געווען גענוג, ער זאָל פאַרנעמען זײַן אָרט אין אונדזער פּאָעזיע. ס'איז דען קנאַפּ צו פאַרבלײַבן א דיכטער פון „ווײַסער שײַן"?

קומען אָבער אויך אזעלכע שורעס:

אף מיר, זאָגט מען, איז שטילער ווײַ געפאלן
און עלטער בין איך פון זיך אליין.

כ׳וואָלט גערן געווען אָנרופן א צווייטן זיבעצניאָריקן דיכטער, וואָס זאָל אָנשרײַבן א ליד מיטן נאָמען „זיכרוינעס״. זעליק אקסעלראָד האָט אָנגעשריבן. בלויז פיר שורעס. אָבער שוין מיטן כאראקטעריסטישן פאר אים דיכטערישן אומרו („אָ, אָדערלעך דינע, באהעפטע אין הארצן פון פינקלען און לעשן״).

זיכרוינעס, ווי באוווּסט, איז די פּרעראָגאטיוו פון עלטער. „אמאָל איז געווען״ — דערמאָנען זיך זקיינים. ס׳איז אָבער דאָ אויך אזא פּאראדאָקס: מיט דער פּריצײַטיקער שארפקײַט פון רעטראָספּעקציע קומען אוף אף דער וועלט אויך אזעלכע יונגלינגען, ווי, לעמאָשל, מיכאיל לערמאָנטאָוו. פון די, וועלכע דאָס רוסישע ווערטל באצייכנט אלס «Иван, не помнящий родства», באקומט ניט די דיכטונג קיין גרויס נאכעס.

אין זײַנע יוגנטלעכע זעונגען טרעט ארויס אקסעלראָד אלס „סקולפּ־טאָר פון א פּערל־נאכט״, „אין לאנגע לײַלעכער געוויקלט ווײַס״, מיט „דעכער בלעכענע, צערונענע אין מילך״... איבער דעם טרויעריק־פּארכאָ־לעמטן און פאנטאסטיש־אָרעמען שטעטל

וואשט ארום זיך האלב־פּארכאלעשטע לעוואָנע
און בלײַבט א ליכטעלע בא אָוול־ערד צוקאָפּן,
און בעטלער זיך פּארשלעפּט אף קרומער
הינטערגעסל
פאלט צו א פּארקן שלעפּ׳ריק שלאָפן...

אין א צײַט, ווען „עס קײַקלען זיך געטער און באָטעמעדראָשים, ווי כײלעוונע טראָפּנס פון ליכט״, לעבט אויך אין דעם יונגן דיכטערס זײַ־קאָרן דער קאָס פון עליאָהו האנאָווי, וועלכן עס „זוכט אלץ נאָך אין הײ־ליקן „אָרן״ א מאמע״.

און דאָ, קימאט איינצײַטיק, בליצט אוף די לוסטיק־פינקלדיקע ליד „צו מײַן קענדל״. אָנהייבנדיק פונעם 1926 יאָר איז מיר שווער צו דערמאָנען

זיך א ליטעראַרישן אָוונט, ווו דער דיכטער זאָל עס ניט לייענען און ווו עס זאָל ניט אופגענומען ווערן מיט דער גרעסטער באַגײַסטערונג. שווער צו פאַרשטיין, מיט וואָס האָט אין יענע יאָרן געקאָנט אַזוי אויסנעמען די ליד וועגן דעם פּאָשעטן קופּערנעם קענדל, פון וועלכן ס׳האָט זעכציק יאָר געטרונקען דעם דיכטערס זיידע, אין יענע יאָרן, ווען די יוגנט האָט זיך געמיט וואָס ווײַטער צו האַלטן זיך פון אַלעם „זיידישן״. איז אָבער, ווײַזט אויס, אינעם פאַרמעסט פונעם לויפנדיקן וואַסער מיט דעם לויף פון קינ־דערשע פיס געוווּנען אָט דאָס אייביקע, וואָס האָט געמוזט דערגיין צו די היספּײַלעסדיקע ייִנגלעך און מיידלעך, ערשט אַליין געקומענע פון שטעטל:

וויפל מאָל האָט דיך א האַנט געשײַערט,
ביסטו אַלץ נאָך פול און גאַנץ,
טוסט א שפּריץ מיט טראָפּנס פײַער
און א פינקל מיט רויטן גלאַנץ...

אינעם וואָכעדיקן קענדל פינקלט און גלאַנצט די אייניקײַט פון דורות.

אָט איצט קענען מיר אַריבער צו דער פּאָעמע „האַרבסט 1915״ מיטן אונטערקעפּל „היימלאָזיקײַט״. דאָס דאָזיקע ווערק פונעם אכצן־נײַנצניאָ־ריקן באָכערל האָט מיט זיך פּאָרויסבאַשטימט זײַן גאַנצן דיכטערישן וועג. ס׳איז שוין ניט בלויז „ווײַסע שײַן״, נאָר „טראָפּנס רויטע אַף ווײַסער שײַן״.

אין 1915 יאָר איז דער עלפיאָריקער זעליק אַקסעלראָד צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן, מיט די ברידער און דער איינציקער שוועסטער, פאַריאָגט געוואָרן פון זײַן געבורט־שטעטל מאָלאָדעטשנע, ווילנער גובערניע, דער צו נאָענטער צו דער פראָנט־ליניע, מע זאָל קענען פאַרטרויען דאָרט וווי־נען ייִדן. נאָך לאַנגע וואָגלענישן איז די מישפּאָכע אָנגעקומען אין דעם טיף רוסישן טאַמבאָוו. און איין מאָל פאַר אַלע מאָל, שוין אפן גאַנצן לעבן, האָט זיך אינעם ייִנגלס האַרצן אײַנגעקריצט דער דראַמאַטיזם פון יענע בלוטיקע טעג. איין מאָל פאַר אַלע מאָל, שוין אפן גאַנצן לעבן, איז דאָס ייִנגל געפּלעפּט געוואָרן פונעם רוסישן ווינטער, פונעם בלענדנדיקן שניי. ווינטער איז פאַרבליבן אין זעליק אַקסעלראָדס לידער, ווי די באַליבטסטע צײַט פון יאָר:

און סע דוכט זיך מיר אויס:
איך גיי ניט מיט דיר,
עס גייט נאָר א שניי
און פארקלעפט אונדז די ברעמען,
און ס'הענגט אין דער לופט
א ווײַסער פאפיר,
ווו ס'צייכנט דער שניי אָן
אונדזערע נעמען.

(„מיר גייען באַנאַנד")

„א ווײַסער פאפיר" — דאָס איז לעבן, דאָס איז גורל, דאָס איז האָפענונג און בייזע אומדערוואַרטקייט. זעליק אַקסעלראָדס אויסגעדיכטעטער שניי וואַרעמט, ווי א מילדער פרילינג־ווינט. ס'איז אים אין אים אָבער אויך פאַרבאָרגן די מעטאַפאָר פון בייז. קאַלט איַיז קאָן ברענען, ווי פײַער.

„הארבסט 1915" איז געקומען באַלד נאָכן ערשטן דינינקן ביכעלע מיט זײַן נעפּלהאַפטן, נאַיוון און זוויבערן נעשאָמע־צאַפּל פון דעם נאָך גאָר יונגיטשקן דיכטער, און אַזוי איז דאָס ביכעלע טאַקע אָנגערופן געוואָרן: „צאַפּל" (1922). „הארבסט 1915" איז אָנגעשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1923—1924. צי איז עס א פּאָעמע? עפּשער טאַקע יאָ. באַם לייענען האָבן מיר די עמפּינדונג פון אַן עפּיש ווערק. מיט אַלע אייוורים, בעפויעל מאַמעש, פילן מיר דעם שטרענגן טראָט פון דער צײַט. און ווען עס לאָזט אונדז, ענדלעך, אָפּ דאָס געפיל פון מילכאָמע־גרויל, פון היימלאָזיקײַט, כאַפּן מיר זיך ערשט, אַז מיר האָבן איבערגעלייענט סאַכאַקל נײַן קליינע לידער. אין דעם ווערק, וואָס פאַר ליבהאָבער פון פּינקטלעכע דעפיניציעס מעג עס הייסן „פּאָעמע" (אַן איין־און־איינציקער פּרווו אין אַקסעלראָדס שאַפן), אַנטפּלעקט זיך דער דיכטער אַלס רײַפער מײַסטער דאַפקע פון דער לירישער מיניַאַטיור, דער צאַרטער און קאָמפּאָזיציאָנעל ביז גאָר שטײַפער. די פּערלדיק־גרויע ראָמאַנטיק פון „צאַפּל" טרעט דאָ אָפּ פאַר דער בלענדנדיקער הערלעכער ווײַסקײַט פון שניי, שניי, באַפלעקט מיט בלוט.

„די טראָפּנס רויטע אף ווײַסער שײַן" האָבן ניט געלאָזט רוען דעם דיכטער, זיי האָבן עפּעס געמאָנט פון אים, דעם זיטלעכן, דעם ריינעם — איז אין זײַן ווײַטערדיקן שאַפן דאָס לויטער־לירישע געגאַנגען באַנאַנד מיטן טיף־דראַמאַטישן.

מײַן װעג האָט געטריבן אין װעלט
אױף שנײ און אױף בלוטיקע שטײנער —
א צוג און א רוסישע קעלט
האָט געפירט מיך דורך טעג פון געװײנען...
דאָרט װײַט, צװישן שנײען העלע,
האָט נאכט ניט אופגעהערט שיסן...
און לידער פון בלאָנדע זעלנער
מיט טרערן פון פרױען פארמישט דאָרט.

דאָס איז אין „הארבסט 1915". אין דער דאָזיקער דראמאטישער עקס־פרעסיע איז פארװאָרצלט דער גרעזעלשאפטלעכער מעהוס פון אקסעלראָדס שאפן. „דאָרט װײַט, צװישן שנײען העלע, האָט נאכט ניט אופגעהערט שיסן..." װאָס פאר אן אויג, װאָס פאר אן אויער, װאָס פאר א הארץ האָט געדארפט פארמאָגן א מענטש, קעדײ אזױנס צו דערזען און דערהערן, מיט אזא קלעמעניש דערפילן, און װי דאנקבאר מיר דארפן זײַן דעם דיכטער, װאָס װי נאָר ס'האָט עטװאָס אָפּגעלאָזט די שיסנדיקע נאכט, האָט ער מיט אזא אוניקאלער פרישקײַט געלאָזט צעזינגען זיך אין זײַנע לידער דעם מילדן װינטער־פּײזאזש. בלױז אײניקע בײַשפּילן:

„װי באטאָגיקער פראָסט, ליכטיק און פריש, גיסט זיך אין קלוב אונד־זער װערטער־געמיש"; „האָט װײַסער שנײ געגעבן זיך א שאָט, אזא װײַס־קײַט איז אין מיר פארבליבן"; „טראָגט מיך ארום, א לױטערן, דער װעג אין שנײ און שײַן, אין זון און שטראלן"; „איבער אלע דעכער טריפן װײַסע נײַסן, שטאָט איז קלאָר אזױ, דין און ניט באריִרט... גײ איך אום אָט דאָ א ליכטיק־װײַסער, און ס'זינגט דער פרילינג איבער מיר".

ס'איז עכטע מאָלערײַ, ס'איז אָבער װײַט פון דעם, װאָס מע רופט טײלמאָל אָן „שילדערונג".

די נאטור איז דאָ ניט קײן דרױסנדיקע, זי זינגט אינעם דיכטערס גע־מיט. ער איז מיט איר אײנס. דער שנײ איז דאָ װײַס ניט דערפאר, װײַל שנײ איז שטענדיק װײַס (עס טרעפט אויך א ברודיקער שנײ), נאָר אויך דערפאר, װאָס די אינערלעכע רײנקײַט פונעם מענטשן האָט געװאָרפן איר אָפּשײַן אױפן שנײ.

א שטראלנדיקער, א לױטערער טראָגט זיך אקסעלראָדס לירישער העלד אינעם װירבלדיקן רוסישן שנײ. דעם דיכטערס װאָרט איז „פאר אלעמען,

פאר אלע". אין זײַנע „קלײנע שורעלעך" האָט ער געבראַכט זײַן „יוגנט־לעכן טרוים און ליכטיקן געוויסן". איז אים גוט פון דעם, וואָס „באַם שײַן פון פרי" טראָגט ער „דער ערשטער אף די גאַסן גרוסן" און, גײענדיק פון דער אַרבעט, איז ער זיך מוידע: „טרעף איך מענטשן — ווערן אַלע נאָענט, יעדן אײנעם וואָלט איך צורופן צו זיך...". און ווען ער באַגלײט אין דער מעסיבע פון נאָענטע פרײַנט דאָס אַלטע יאָר און באַגעגנט דאָס נײַע, בענקט ער שוין ווידער „אפסנײַ נאָך נײַע באַקאַנטע און לידער".

בא מײַנע פּילצאָליקע באַגעגענישן מיטן דיכטער האָט מיך שטענדיק געוווּנדערט, וואָס אים איז אַזוי שווער לענגער צו פאַרבלײַבן אף אײן אָרט. זעליק אַקסעלראָד האָט שטאַרק ליב געהאַט און אַפילע עפּשער גע־גרויסט זיך מיט זײַן עלטערן ברודער, דעם מאָלער מײער אַקסעלראָד, אָבער פּאָזירן אים כאָטש אַ צוויי שאָ איז אים שווער געווען בא זיך צו פויעלן. ער האָט זיך קעסײדער געײַלט, ס'האָט אים אין ערגעץ געטראָגן. ווער עס ווײסט זיך גוט אײַנלײענען אין אַקסעלראָדס שורעס, ווײסט פאַר־שטײן, אַז אין אָט־אָ־דעם אומגעדולד, אין דעם רײַסן זיך „צו זוכעניש און וואַנדער" איז פאַרבאָרגן דער נערוו פון זײַן דיכטונג.

אַקסעלראָדס לירישער העלד האָט, פּונקט ווי אַלײן דער דיכטער, ניט ליב צו בלײַבן צווישן פיר ווענט. מיטן הײסן געבעט אין האַרצן: „יוגנט מײַנע, יוגנט, ווער שטאַרקער און געזינטער", רײַסט ער זיך אין דרויסן. מיר טרעפן אים אין די מינסקער שמאָלע געסלעך, אף די פאַרשנײטע, ווײַסרוסישע וועגן, אין אַ רויטאַרמײישן לאַגער, אין פעלד, באַם שוואַרצן יאַם, און אויב שוין יאָ אין אַ געשלאָסענער געבײַדע, איז עס אַ קלוב, אַ מוזײ, אַ טעאַטער. אַ היפּש אָרט פאַרנעמט אין אַקסעלראָדס לידער דאָס קומען, דאָס אַוועקגײן, דאָס געזעגענען זיך פאַרן אַוועקפאָרן. „ס'איז גרויס די וועלט אף זוכעניש און וואַנדער און קלײן די שטוב אין טונקעלע פאַסן ליכט".

אַקסעלראָד פאַנגט דעם לײענער דעריקער מיט זײַן אומיטלבאַרקײַט, מיט דער עכטקײַט פון זײַן לירישן געמיט. מיט אַקסעלראָדן איז גוט צו־זאַמען צו שמײכלען, צו טרוימען, צו שפּיגלען זיך אין דער נאַטור און אין ליבע פּענעמער, צו טראָגן זיך פאַרליבטערהײט איבער וועגן, גאַסן און געסלעך. פּונקט אַזוי ווי דעם דיכטערס געמיט גיסט זיך צונויף מיט דער געשילדערטער נאַטור, אַזוי גיסט זיך אויך צונויף דער דיכטער מיט זײַן לירישן העלד, דאָס הײסט מיט דער אָביעקטיווער מענטשלעכער גע־שטאַלט, וואָס ער האָט געשאַפן אינעם גאַנצן טכום פון זײַנע לידער.

זי האָט זיך געטראָגן אף טויזנטער וועגן,
מיַין טיַיערע יוגנט, אין בלוטיקן לויף,
מע איז ניט ארויס איר אנטקעגן
מיט ברויט און מיט זאלץ פון יעטווידן הויף.

זי האָט זיך געטראָגן מיט אויגן צעשטראַלטע,
מיט באָרוועסע פיס אף דער נאַקעטער ערד, —
ס'האָט קיין קויל און קיין שפּיז ניט
געקאָנט זי פאַרהאַלטן,
דאָס קלאַפּן פון הארץ האָט זיך הויך נאָר געהערט.

„יוגנט"...

דאָס איז די יוגנט, וואָס האָט זיך א לאָז געטאָן פון די שטעטלעך, פון די שמאָלע פּראָווינציעלע געסלעך, פון די ענגע הילצערנע היַיזקעס צו די ראַכוועסן פון לאַנד. א דורשטיקע נאָך ליכט און נאָך וויסן, האָט זי אופגענומען „אי פּיקאַסאָן, אי סעזאַנען, אי די דיכטונג, וואָס איז גוט". דאָס איז די יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן אין גאָסעט, אין מייערכאָלד־טעאַטער, געשטורעמט די ארייַנגאַנגען אין די זאַלן, ווו ס'האָט „געשריִען מאַיאַקאָווסקי" און „געוויינט יעסענין". דאָס איז די יוגנט, וואָס האָט מיט פרייד זיך געטראָגן אף פאַרשיידענע „ספּאַרטאַקיאַדעס" און, גרייט אָפּצוגעבן דאָס לעבן פאַר דער פריַיהיַיט פונעם וויַיטן מאַדריד, מאַרשירט אין דער באַטווין־קאָלאָנע. זי איז זייער עטיש, די דאָזיקע יוגנט, זייער פריַינטלעך צו יעדערן, וואָס איז ווערט איר פריַינטשאַפט. דערפאַר טאַקע איז אַזוי וואַרעם בא אַקסעלראָדן דער דרויסן אפילע אום ווינטער. ער איז שטענדיק באַלעבט פון מענטשן.

און אָט גייט גאָר דעם דריטן טאָג א רעגן. איצט, דוכט זיך, וואָלטן מיר געוויס באַדאַרפט טרעפן דעם דיכטער אין דער היים, אונטער א געמיטלעכן דאַך. איז ניין. ער גייט און גייט אונטערן רעגן איבער דער גאַס, וויַיל דאָ קאָן מען באַגעגענען א באַקאַנטן און טיילן זיך מיט אים וועגן דעם, אַז „ניט רויִק איז נאָך אַלץ מיט כינע" און טאַקע אויסהערן פון אים די ליבע ווערטער: „און פאַר די נײַס — א דאַנק דיר, גוטערפריַינט!".

יאָ, „א דאַנק דיר, גוטערפריַינט!" — שמייכלדיק, ליבלעך, גוטהאַרציק און... אומרויִק. „הא, וואָס הערט זיך עפּעס אף דער וועלט?"

דעם דיכטערס אומיטלבאַרקייט איז געווען ניט קיין כאַאָטישע. דאָס איז ניט, ווי עס מאַכט זיך טיילמאָל אַפּילע בא זייער גוטע דיכטער, בלויז עמפּינדלעכקייט, אומגעצאַמטע עמאָציאָנעלקייט. אַקסעלראָד, זאָל עס דאָ געזאָגט ווערן, איז געווען קוידעמקאָל זייער א קלוגער מענטש. ער איז באַזעסן די זעלטענע פייִקייט סײַ יענעם, סײַ זיך צו זען פון דער זײַט. דאָס לאָזט זיך דערקענען אַפּילע אין די סאַמע נאַיִווע יוגנטלעכע ליבע־לידער („איך האָב זיך אָפּגענאַרט", „א פרילינג־נאַכט", „מיך האָט גע־טראָפן"...). יוגנטלעכע טרוימען, ייִנגלשע פאַרדראָסן, גוטסקייט, אָפנהאַר־ציקייט און... איראָניע. קוידעמקאָל בענעגייע צו זיך אַליין. „לאַכט זי: ייִנגעלע מײַן ליבער, א געזונט אין קאָפּ!" („איך האָב קיינמאָל ניט געריי־כערט"). און צי דערקענען מיר ניט שפּעטער אין דעם רײַפן מאַן פון די לידער „איך קום צו גאַסט", „און ס'איז ווײַט שוין פון דיר" דאָס זעלבע ליבע ייִנגעלע פון די יוגנט־לידער? אָט קומט ער „צוגאַסט אַזייגער צען" און לאָזט „נאָך זיך די טיר א ביסל אָפן". בא דער פרוי, צו וועלכער ער קומט צוגאַסט, ליגן אויפן טיש „צײַטונגען, פאַרפּולט מיט נײַסן".

בייגסט אָנעט שטיל דײַן גלאַט־פאַרקעמטן קאָפּ,
דו ביסט א פרוי און זיצסט אַזוי באַשיידן.
ס'דערגייט צו מיר דײַן טאָכטערס גוטער שלאָף,
און כ'שעם זיך אינדערהייך עפּעס צו ריידן.

(„איך קום אין געסט")

קריכט ער אַרײַן, דער געקומענער, צוריק אין זײַן אַלטן פעלץ און לאָזט זיך צו דער טיר, הינטער וועלכער עס וואַרט אויף אים „א פּראַקטיק־ווײַסע וועלט, א שניי א ליכטיקער, וואָס בלענדעט...". אין דער עצעם ניט דערזאָגטקייט פון דער ליד, אינעם עטוואָס טרויעריקן שמייכל איבער זיך אַליין, איז פאַרבאָרגן א ווונדערלעך־מענטשלעכע איידלקייט. ניט נאָר די שוועל פון א פרעמדער שטוב פאַרלאָזט דאָ דער דיכטער, ער טרעט אַרי־בער די שוועל פון דעם אייגענעם געפיל.

דאָס געפיל פון אַכרײַעס האָט זיך זייער פרי אַנטוויקלט בא אַקסעל־ראָדן. יעדן קער און ווענד אין זײַן שאַפן האָט ער אָפּגעוווויגן אויף דער וואָג פון געוויסן. ער האָט אָפט צוגעלייגט דעם אויער צו דעם אייגענעם האַרצן, אויסגעפּרוווט די אייגענע שטים, צי האָט זיך אין איר ניט פאַר־

גאַנוועט אַ פאַלשער טאָן: „עפּשער זינג איך ניט — איך שרײַ?". ניט איין מאָל האָט דער דיכטער באַטאָנט די שטילקײַט אין זײַן שאַפן: „ציטעריק־שטיל איז מײַן ליד"; „שטילקײַט האָט דערהויבן מײַנע לידער". בלויז שטילערהייט איז ער געווען פייִק דיכטעריש אויסדריקן זײַן אינערלעכן ברויז. קיין סימען פון דעקלאַמאַציע, פון שפּיגלען זיך אין די אייגענע רייד, פון דעם „ליריִשן" מאַכן אַ ווען פון זיך.

אָט ליגט אויף מײַן טיש זעליק אַקסעלראָדס לעצטע פאָטאָגראַפיע. עס קוקן אויף מיר זײַנע שיינע שוואַרצע אויגן, דאָס לינקע עטוואָס גרעסער פונעם רעכטן. אויגן אומרויִקע, אָנגעשטרענגטע, וואָס בילדן צוויי בוילעטע קנייטשן בײַ ביידע זײַטן פון דער נאָז, און דאָס מויל — אַ ווייכס און אַ גוטס, באַהאַלט אויס אַ שמייכל, ווי דער דיכטער וואָלט אין דעם מאָ־מענט שטיל געלייענט זײַנע אייגענע שורעס:

לאָמיר אַ ביסעלע לאַכן!
דער שמייכל אויף אונדזערע ליפּן
איז פאַרהילט
און פאַרשטילט
פון אָנשטרענגונג גרויסער,
פון שטענדיקן וואַכן.
לאָמיר אַ ביסעלע לאַכן...

„אַ ביסעלע לאַכן", קיין רעגע ניט פאַרלעשנדיק אין זיקאָרן די „טראָפּנס רויטע אויף ווײַסער שײַן", היטן זי, די שײַן, זי זאָל מער ניט פאַרפלעקט ווערן. דער שמייכל, די לײַכטע איראָניע איבער זיך אַליין — „שרײַבסט לידער און פאַטערסט פּאַפּיר" — קלינגט בײַם דיכטער טרויעריק און בענקשאַפטלעך, ווײַל קיינמאָל לאָזט ער ניט אַרויס פון אויג די אַכרײַעס פאַר דער צײַט, אין וועלכער ער לעבט און פאַר דער דיכטונג, וועלכע ער שאַפט: „מיט עמעצן פאַרמעסטן זיך איז אייביק שווער, מיט זיך אַליין איז טויזנט מאָל נאָך שווערער".

אין זײַן ליד, געווידמעט מאַיאַקאָווסקין, ווײַזט אַרויס אַקסעלראָד טיפן פאַרשטאַנד פאַר דער מעכטיקײַט פון דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטערס שטים, פאַר זײַן ליבע צום וואָרט, „וואָס ברעכן זאָל געשטיינען". אַקסעל־ראָד האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז די נײַע צײַט מוז געבוירן אַ נײַע דיכטונג. „איצט דאַרף מען אַנדערש, און אַנדערש איז שווער". ס'איז דאָ

מאיאקאָווסקיס וועג. עס קאָנען אָבער זײַן אויך אנדערע וועגן. האָט אק־סעלראָד זיך געמיט אף זײַן אייגענעם אויפן געפינען פאר זיך די אנדערש־דיקײַט.

ניט איין יונגן דיכטער האָט אקסעלראָד, זײַענדיק נאָך אליין יונג, גע־האָלפן ארופטרעטן פעסט אפן אייגענעם דיכטערישן וועג. גאנצע טעג איז ער געזעסן אײַנגעבויגן איבער מאנוסקריפטן, געשריבן און געמעקט. ער האָט מער געארבעט איבער פרעמדע לידער, איידער געדרוקט אייגענע. און וויפל פרעמדע ווערק האָט אקסעלראָד אויסגעהערט! זײַנע אייגענע לידער האָט ער גערן געלייענט אף אָוונטן, פאר דער עפנטלעכקײַט, זעלטן — אין א היימישער סוויווע, און געהערט האָט ער מאָדנע זײַטיק, מיט ארויפגעלאָזטע אויגן, אויסערלעך אָפּגעפרעמדט. און טאקע דאָ, אין זײַן אָפּגעזונדערטקײַט, האָט ער אײַנגעזאפּט אין זיך יעדעס וואָרט, יעדן קלאנג. און דערנאָך, ווי אומקערנדיק זיך פון ערגעץ פון דער ווײַט, זייער טרעפלעך עפּעס א זאָג געטאָן. טאקע א זאָג געטאָן, ווי אגעוו־אורכע, אָן דער מינדסטער אפעקטאציע. אף אזא אויפן איז ער ארויסגעטראָטן אויך עפנטלעך. און ס׳איז שווער צו אָפּגעבן זיך א כעזשבן, אין וואָס איז באַ־שטאנען אקסעלראָדס קראפט אלס רעדנער. גערעדט האָט ער דאָך מיט א שטילער, אפילע עטוואָס הייזעריקלעכער שטים. מיט קיין מיקראָפאָנען האָבן זיך דאן דיכטער בײַס זייערע ארויסטרעטונגען ניט באנוצט. און דאָך האָט קיינמאָל ניט געטראָפן, אז פון זאל זאָל עמעצער אויסשרײַען: „העכער!" אקסעלראָדס שטילקײַט האָט פארמאָגט אין זיך אזא הילכיקײַט פון געדאנק און געפיל, וואָס גיט זיך באלד איבער דעם אוילעם. די פענע־מער ווערן ערנסט און אָנגעשטרענגט. מע האָט מוירע צו פארלירן א וואָרט. דאָס איידעלע, ערלעכע געזיכט, געווענדט גלײַך צום אוילעם, עט־וואָס פארהויבן דעם קאָפּ, מיט א שמייכל אף די ליפן, פלעגט ער שאפן זײַנע עקספּראָמטן, ארויסזאָגן זײַנע שארפזיניקע טרעפלעכע באמערקונגען וועגן ווערק און שרײַבער. געווען איז אין זײַנע רייד אי אופריכטיקע פרייד, אי אופריכטיקער אומעט, האָט מען ניט געקענט איבער זיי ניט פארטראכטן זיך.

ס׳איז מערקווירדיק, אז זײַנע כאוויירים האָבן קיינמאָל ניט געטראָגן אף אקסעלראָדן קיין בייז הארץ. מע וואָלט געקאָנט דערציילן און דערציילן וועגן זײַנע אמפּערנישן מיט איזי כאריקן, וועלכע האָבן ניט געשטערט זייער בעמעס ברידערלעכער צוגעבונדנקײַט איינער צום צווייטן. ס׳איז

אָבער געווען אויך א פאל, ווען זעליק אקסעלראָד האָט אין אַן עפנטלעכער ארויסטרעטונג אָנגעגריפן מארקישן, גוטמוטיק, מיט א שמייכל, אָבער דאָך „אין ביין אריַין". און מארקיש האָט געצוימט זיַין ווולקאנישן טעמפּע־ראמענט. צו קיין אופריַיס איז ניט דערגאנגען.

זעליק אקסעלראָדס דיכטעריש וואָרט איז געווענדט צום פאָלק, צו גאסן און צו פלעצער פונקט אזוי, ווי דאָס וואָרט פון דער גאנצער פלעיאדע דיכטער פון די ערשטע יאָרן רעוואָליוציע. שטיל און צארט האָט ער גע־רעדט וועגן ראשיקן און פארענדערלעכן, מיט א שמייכל גערעדט וועגן ערנסטן. צום פאָלק איז זיַין וואָרט דערגאנגען. ניט דערגאנגען איז עס טיילמאָל צו א געוויסן מין קריטיקער, וועלכע האָבן פונעם דיכטער גע־האלטן אין איין פאָדערן: „העכער! העכער!". „דאָס און יענץ דארף מען טייקעף פאריכטן" — האָט זיך געבייזערט דער שטאמפּאָווער רעדאקטאָר, שניַידנדיק אף שורעס א ליד און ניט זעענדיק דאָס גאנצע. מיט דער פו־לער אכריַיעס פאר דער ציַיט, ווען „עס דראָעט די ערד פונעם קריג, וואָס קאָן אויסברעכן היַינט אָדער מאָרגן" (געשריבן אין 1932 יאָר — ר. ר.) — האָט דער דיכטער מיט ווירדע געענטפערט: „א ליד טרעפט אהין, ווו זי צילט, און אויך אלע מאָל וויַיטער א ביסל" („צו איינעם א רעדאקטאָר, א ראפישן קריטיקער").

אקסעלראָד האָט זיך ניט גענייטיקט אינעם טיַיטל פונעם „קלוגן" רע־דאקטאָר. זיַין שטילע ליריק איז געווען וויַיטזעעודיק. און ווען אף דער מענטשהיַיט האָט זיך א לאָז געטאָן דער פאשיסטישער קרייץ־צוג, האָט אקסעלראָדס ליד גערופן און געוואָרנט:

עס קריכט און פויזעט אלץ די שלאנג,
און יעדע רעגע ציט זיך לאנג,
און יעדע רעגע קאָסט אונדז בלוט,
און ס'פּיַיניקט יעטווידע מינוט.

(„מאדריד")

אקסעלראָד איז שטענדיק אופריכטיק, סיַי אין פרייד, סיַי אין פּיַין. אפילע ווען אין דער ליד קומט אַן אויסגעשפּראָכענער געדאנקלעכער אויספיר, איז דאָס קיינמאָל ניט קיין מוסער־האסקל. דער אויספיר איז ניט

אַנגעבונדן. ער פליסט אַרויס נאַטירלעך פונעם געמיט, פון דער אַטמאָספער פון דער ליד. אַלס קלאַסישער ביישפּיל קאָן דאָ דינען די ליד „שאָך". נאָכן פאַרענדיקן די אָנגעשטרענגטע שפּיל אין שאָך, לאָזן זיך אַוועק אין גאַס אַריין „איך און קעגנער מיינער, מיין כאַווער און מיין פריינט".

א דינער שנייעלע שיט און שיט,
מיר שפּאַנען ביידע מיט קליינע טריט...
און ווידער זאָגט צו מיר מיין פריינט:
עפּעס ביסטו בייז און ברויגעז היינט...

דורך ווייסן שניי,
דורך ראָזער שיין
איך ענטפער אים אַזוי:
— עס טוט מיר זייער וויי און ס'טוט מיר
זייער באַנק
פאַר מיין ערשטן שלעכטן גאַנג...

די ליד פאַרמאָגט פיל באַדייטן. דער שפּילעוודיקער געדאַנק זיצט דורכויס אינעם לירישן געוועב.

דעם דיכטערס לעצטע לידער „נייַ־יאָר", „מע זאָגט מיר" און אַנד. זיינען פול מיט אומרו פאַרן גורל פון אונדזער לאַנד און פון דער וועלט. ער זעט פאָרויס, אַז „היינטיקס יאָר (1939 — ר. ר.) וועט אַריבערשפּרייזן טיף אין ווייטע צייטן". אָבער אויך דאָ, פאַרטראַכטנדיק זיך וועגן דעם, ווי שווער עס איז דיכטעריש פאַרקערפּערן דאָס דאָזיקע יאָר, איז אַקסעלראָד טרייַ זיין שמייכלדיק־טרויעריקער געמיטלעכקייט, דער לייכטער איראָניע איבער זיך אַליין:

מע זאָגט מיר אַלץ, דו שטייסט נאָך אָפּ,
און שטענדיק בלייבסטו הינטערשטעליק,
עס ווערן שיטערער די קרויזן אויף דיין קאָפּ,
און דו, דו שעמסט זיך גאָרניט, זעליק?

נו, וואָס־זשע, פריינט מיינע, פארגיט,
עס פאלט אמאָל פון הימל ניט קיין רעגן,
נאָר עפשער האָב איך טיף אין זיך פארהיט
די גוטע ליד פאר איינערטוועגן.

(„מע זאָגט מיר")

געוויס, געוויס האָט דער דיכטער פארהיט אין זיך פיל גוטע לידער פאר אונדזערטוועגן. ער האָט זיך דאָך אזוי פרי געזעגנט מיטן לעבן. אין דעם עלטער, ווען סראָוו סטאביליזירט זיך ערשט דער קינסטלערישער טאלאנט. יאָ, א סאך, א סאך האָט ער ניט דערזונגען. אָבער דאָס, וואָס ער האָט באוויזן אויסצוזינגען, איז אזוי צארט, קלוג און שטייף, זאָגט אזויפיל, אז איך קאָן ניט ביישטיין דעם ניסאָיען נאָכזאָגן נאָכן דיכטער זיין ווונדערלעכן סאָנעט וועגן פּאָעזיע:

זאָל זיין געבענטשט די לויטערע מינוט,
וואָס האָט מיך שטיל און קלאָר אזוי דערהויבן,
געשאָנקען מיר אי מענטשלעכקייט, אי גלויבן,
אין טריף אין הייסן פון מיין יוגנט־בלוט...

אָט די רעגע, אָט די לויטערע מינוט,
ווען געגומען האָט מען זידלען מיך און לויבן,
אין די שורעס קוקן, ווי אין ריינע שויבן,
ווי זעט עס אוים: שלעכט איז דאָ, צי גוט...

אָט די רעגע, ווען איך בין שטיל פארבליבן,
פעסטער צוגעדריקט דעם דראנג פון ליפּן
און געלייטערט לענגער מיין געמיט,

ווען איבער מיר איז אופגעגאנגען
אָוונטיקער אָנזאָג פון געזאנגען,
אָט די רעגע פון מיין ערשטער ליד!

(„זאָל זיין געבענטשט")

א פּאָר ווערטער וועגן באַשיידנקייט און רום. אָט שטעלט אײַך פֿאָר — איבער די מינסקער גאסן שפּאנט ארום נאָך גאָר א יונג קוטשעראוו באַ־כערל, און קימאט יעדער פאַרבײַגייער קען אים. אָדער ער האָט דאָס באַ־כערל געזען און געהערט אף א ליטעראַרישן אָוונט, אָדער ער האָט אליין ארײַנגעקוקט אין זײַנער א ליד, און דאָס באָכערל באמערקט אפילע ניט, אז מע קוקט אים נאָך. ווארפט זיך אים צופעליק אין די אויגן א באקאנט פּאָנעם, איז אפילע ווען ער ווייסט ניט ווער און וואָס, האָט ער סטאם האנאָע פון גריסן זיך מיט יענעם. און אזוי אויך דאן, ווען עס זײַנען שיטערער געוואָרן „די קרויזן אפן קאָפּ". די זעלבע אנערקענונג און די זעלבע באשיידנקייט. ווען אקסעלראָד לעבט הונדערט יאָר, וואָלט זיך צו אים אויך קיינמאָל ניט צוגעקלעפּט דאָס וואָרט „א בארימהייט".

זעליק אקסעלראָדס באַשיידנקייט שטעלט זיך מיר פאָר אלס א וויכ־טיקער קאָמפּאָנענט פון זײַן דיכטערישער פּערזענלעכקייט. ווילנדיק ניט ווילנדיק קומט אוף די פראגע: צי ווידערשפּרעכט באַשיידנקייט דעם גלייבן אין זיך אלס דיכטער? און ווען עס גייט א רייד וועגן אקסעלראָדן, קומט באלד אוף א צווייטע פראגע: צי ווידערשפּרעכן שטילע רייד דעם געזעל־שאפטלעכן און דיכטערישן טעמפּעראמענט?

פאר אקסעלראָדן איז פון סאמע אָנהייב געווען אייגנטימלעך דער אויס־סערסט נערוועזער, דער זייער טעמפּעראמענטפולער געפיל פון דערוואר־טונג: „האָסט געמיינט, אז ביסט זייער זעענדיק, לאָזט זיך אויס — דערזעסט ערשט אצינד". אָדער: „האָסט אף אזויפיל געריכט זיך, לאָזט זיך אויס גאָר א קליינע ליד". די אָנגעשטרענגטע דערווארטונג לאָזט זיך שפּירן אין זײַנע סאמע ערשטע דיכטערישע טריט:

און גרעסער ווערט דער טאָג און קלענער
ווערט די נאכט,
און פײַערן צעשיטן זיך אף מײַנע קני —
האָב איך צו טויערן געקײַקלט זיך א יונגער,
ווי רויטע עפּל צו דער נאקעטקײַט פון פרי.

די באלוינונג פארן יונגן דיכטער, וועלכער בלאָנקעט ארום איבער דער ברייטער גאס איז א ביז גאָר קנאפּע („איך גיי אין איר ארײַן און כ׳גיי פון איר ארויס"). אין דעם רעזולטאט פון דער דערווארטונג איז דאָ א

טראָפּעלע ביטערניש און דאָך בלײַבט די באַשיידענע פרייד פון דערקע־נען. פּונקט אַזוי ווי אין זײַנע לעצטע לידער — די אַנציקונג פאַרן רעגנ־בויגן אין טיפן האַרבסט און דאָס געפיל, אַז „שטענדיק איז אַזוי די וועלט, ס'איז עפּעס דאָ און עפּעס פעלט". אָדער: „נאָר אַלע מאָל, ווען רײַפקייט דו פאַרזוכסט, איז שוין פון בליִונג קיין סימען ניט פאַר־בליבן".

„יעדע בעסטע שענסטע האָפענונג הייבט זיך שטענדיק אָן פון הײַנט" — זאָגט דער דיכטער. קאָן מען אויף דעם שטעלן אַ פּונקט? וואָס פאַר אַ פּונקט? דאָס איז דאָך גאָר אָן אָנהייב. דער נעכטן העלפט דעם דיכטער צו דערהערן דעם האַסטיקן פּולס פון דעם הײַנט. קומט אַ נײַע דערוואַרטונג, ווי אין לעבן, אַזוי אויך אינעם שאַפן:

דעריבער האָב איך אָנגעהויבן אויכעט
פון איצטער אָן, פון דער מינוט.
לאָמיר, פרײַנט מײַנער, זאַמלען קויכעס,
געדיכט זאָל זײַן דאָס וואָרט, ווי בלוט.

אין איינער פון זײַנע בעסטע לידער, שוין צום סאָף פון לעבן „מע זאָגט מיר", — איז דער דיכטער ווידער גרייט אָנצוהייבן אַלץ פונדאָסנײַ. צי האָט ער זיך אינדערעמעסן געפילט „הינטערשטעליק", ווי ער דריקט זיך אויס האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס אין דער זעלבער ליד? אָ, ניין. אין דעם דיכטערס באַשיידנקייט, אין דעם קעסיידערדיקן זוכן איז געווען פאַרבאָרגן דער טיפער גלייבן אין דעם אייגענעם באַרוף און אויך פיל מוט אין באַשיצן דעם דאָזיקן באַרוף. צו צוויי און צוואַנציק יאָר שרײַבט ער אָן מיט טראַציקן טעמפּעראַמענט די פאַרביטערטע שורעס:

זיך אַליין דאַרף איך אַ סאַך נאָך זאָגן.
פרעמדע, ווײַטע האָבן מיר שוין אַלץ געזאָגט.

דער יונגער דיכטער קלײַבט זיך ניט אָפּטרייסלען פון דעם טראַגיזם פון דער צײַט, ער באַהאַלט פון קיינעם ניט אויס זײַן פּאָנעם מיט דער שרעק „פאַר קומענדיקן וואָגל".

זעליק אקסעלראָד, איינער פון אונדזערע סאמע ראפינירטע און אינטע־לעקטועלע דיכטער, איז געווען געבענטשט מיט אבסאָליוטער אופריכטי־קייט:

אוּן ניט גיין זאָל באזונדער
דער קאָפּ פונעם הארץ,
נאָר אין ריי
און אינײַנעם שטענדיק...

די שארפקייט פון געדאנק, די איידלקייט פון געפיל, די טרײַשאפט דעם „ליכטיקן געוויסן" האָבן פארהיט פאר אונדז אין דער פולער פראכט די שײַן פון זעליק אקסעלראָדס דיכטונג.

ריווקע רובין

## אינהאלט

I

II

III

זעליק אקסעלראָד

**לידער**

מ., „סאָוועטסקי פּיסאטעל“, 1980, 208 זײַטן

אַרויסלאָז־פּלאַן פון 1980, נומ. 335

**קינסטלער** מ. אקסעלראָד

**רעדאקטאָר** א. גאַנטאר

**קינסטלערישער רעדאקטאָר** יע. קאפּוסטין

**טעכנישער רעדאקטאָר** ט. קאזאַווסקאיא

**קאָרעקטאָר** ד. גראַזאַווסקע

אינפאָרמאציע־ביולעטען נומ. 2029

אָפּגעגעבן אין זאַץ 02.01.80. אונטערגעשריבן צום דרוק 14.04.80. פאָרמאט $70 \times 108^1/_{32}$. טיפּאָגראַפיש פּאַפּיר נומ. 1. הויכדרוק. באַדינגלעכע דרוקבויגן 9,1. פאַרלעגערישע דיסקאָנט־בויגן 5,26. טיראַזש 1000 עקז. באַשטעלונג נומ. 1890. פּרײַז 65 קאָפּ. פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאטעל“, 121069, מאָסקווע, וואָראָווסקי גאַס, הויז נומ. 11. באַלויִנטע מיטן אָרדען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראַפיע נומ. 7 „איסקרא רעוואָליוציִי“ פון סאָיוזפּאָליגראַפּפּראָם“ פונעם מעלוכע־קאָמיטעט פון פססר איבער די איניאָנים פון פאַרלאַגן, פּאָליגראַפיע און בוך־האנדל. 121019, מאָסקווע, אקסאקאָוו־געסל, הויז נומ. 13

*Зелик Моисеевич Аксельрод*

СТИХИ

*(на еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1980, 208 стр.
План выпуска 1980 г. № 335

Художник *М. М. Аксельрод*
Редактор *А. Ю. Гонтарь*
Худож. редактор *Е. Ф. Капустин*
Техн. редактор *Т. С. Казовская*
Корректор *Д. С. Грозовская*

ИБ № 2029

Сдано в набор 02.01.80. Подписано к печати 14.04.80. Формат 70×108¹/₃₂. Бумага тип. № 1. Высокая печать. Усл. печ. л. 9,1. Уч.-изд. л. 5,26. Тираж 1000 экз. Заказ № 1890. Цена 65 коп. Издательство «Советский писатель», 121069, Москва, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» Государственного комитета СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, 121019, пер. Аксакова, 13

